דיא

# אנארכיסטישע מאראל.



— פון —

## פעטער קראפאטקין.

---

אויס דעם פראנצויזישען

— פון —

PINUS SYLVESTRIS.



דרוק פון דיא „פרייע ארבייטער שטיממע,"
80 העגרי סטריט, ניו יארק.
1892.

M. HORNSTEIN

# אנארכיע.

א וועלט אהן הערשער, אהן קייטען, אהן טרערן,
א וועלט פון ליעבע און הארמאניע;
וואו איינעמס גליק וועט דעם צווייטענס ניט שטערן,—
דאס איז אנארכיע!

א וועלט וואו קיינער וועט ניט רעגירען
איבער דעם אנדערנס ארבייט און מיהע;
פריי וועט זיין יעדעס הערץ און געהירן,—
דאס איז אנארכיע!

א וועלט וואו פרייהייט וועט יעדען בעגליקען,
דעם שוואכען און שטארקען, דעם „ער" און „זיא",
„דיינס" און „מיינס" וועט קיינעם ניט דריקען,—
דאס איז אנארכיע!

א וועלט וואו ליעבע וועט ניט וויסען
פון שענדליכען האנדעל; ניין, פריי וועט זיא
אויף א ליעבענדע ברוסט איהר גליק געניסען,—
דאס איז אנארכיע!

א וועלט וואו דער פרייער גייסט וועט צובערכען
דעם פינסטערן טהורם דער טהעאלאגיע;
פערניכט ען די קערנער פון אלע פערברעכען,—
דאס איז אנארכיע!

א וועלט וואו דער ביקס, דער הארמאט און קרוין,
אלע בלוטיגע צייכענס דער מאנארכיע,
וועלען נור אין מוזעאום שטיין,—
דאס איז אנארכיע!

א וועלט וואו זאנענ־הויך וועט זיך ערהויבען
קונסט, וויסענשאפט, אינדוסטריע;
א וועלט פון וויסען—ניט פון גלויבען,—
דאס איז אנארכיע!

געשעצט וועט זיין יעדעס מענשליכעס וועזען,
ווי א דיא גאנצע מענשהייט, הייליג וויא זיא;
פרייהייט וועט אלעס ערקוויקען, ערלעזען,—
דאס איז אנארכיע!

ד. עדעלשטאט.

# I.

דיא געשיכטע פֿון'ם מענשליכען געדאנקען שטעהט ניט אויף איין אָרט. זיא בעוועגט זיך. איהרע בעוועגונגען זיינען עהנליך צו דיא בעוועגונגען פון דעם פענדעל (מאַיאַטניק) פֿון א וואַנד אוהר; זיי פאלען און שטייגען.

דער מענשליכער געדאנקען ווערט אמאל אנטשלאָפֿען. דיא הערשער, דיא געזעצגעבער, דיא רעליגיאנמאכער שלעפּען איהם איין און בינדען איהם מיט קייטען, ביז ער ווערט פֿערגליווערט, פערפראָרען און פערשטיינערט.

דער פענדעל איז אראפּגעפֿאלען, ער שטעהט גאנץ נידעריג.

פלוצלינג חאפּט דער מענשליכער געדאנקען זיך אויף, קוקט זיך ארום און צורייסט דיא קייטען. ער הייבט אן צו פֿארשען, שטרענג צו קריטיזירען אלעס, וואס מען האט איהם ביז אהער געלערנט. ער רייסט אראפּ דיא מאסקע פון אלע סיסטעמען, פון אלע פאראורטהיילע: פּאליטישע, רעליגיעזע, געזעצליכע און סאציאלע. ער שטעלט זיי ארויס נאַקעט און בעווייזט זייערע פעהלער, זייער גרונדלאזיגקייט און זייער שעדליכקייט. דער מענשליכע געדאנקען בעטרעט נייע וועגען, וועלכע זיינען געוועזען ביז אהער אונבעקאנט; ער בעשאפט

נייע טהעאָריען, נייע סיסטעמען, נייע אידעען; ער בערייכערט דאס מענשליכע וויסען מיט נייע ענט־רעקונגען, מיט נייע וויסענשאפטען און מיט פֿרי־שער ענערגיע צו נייע טהעטיגקייט.

דער פענדעל איז געשטיגען, ער שטעהט גאנץ הויך.

דיא בעשטענדיגע פיינד פון'ם מענשליכען גע־דאנקען— הערשער, רעליגיאן און געזעצע— שלא־פֿען אבער אויך ניט. זיי קומען ביסלעכווייז צו זיך נאך דער שווערער ניעדערלאגע, וואס דער מענש־ליכער געדאנקען, האט זיי בייגעבראכט. זיי ער־האלען זיך פון דיא הארטע שלעג, וואס זיי האָ־בען בעקומען, פֿערזאמלען זייערע דערשראקענע און צושפרייטע ארמעען און הייבען אן זייערע שער־ליכע, צערשטערענדע טהעטיגקייט מיט נייע קרעפֿ־טע, מיט נייע ענערגיע. זיי ניצעווען איבער זייער אבערגלויבען, זייער רעליגיאן, זייערע געזעצע און פּאַסען זיי צו צו דיא נייע אידעען, צו דיא נייע פארדערונגען, צו דיא נייע לעהרען, וועלכע דער מענשליכע געדאנקען האט אויסגעפונען. זיי בענו־צען אלעס, וואס קען זיי נור פיהרען צום ציעל. זיי בענוצען דעם שקלאפענזין (סערוויליזמוס) פון דער מאסע, זיי בענוצען דיא שוועכע פון יעדען איינעם: דער איז מיעד געווארען אין קאמפף און וויל שוין זיך אויסרוהען, דער אנדערער איז עהר־גייציג אדער געלדזיכטיג, דער דריטער איז ענטצווי־בערט, זיינע האפנונגען אויף דעם מענשליכען גע־

ראנקען ויינען בעטראַגען געווארען. זיי נעהמען זיך צו דער ארבייט לאנגזאם, אבער זיי געהן מיט פּעס־טען שריטען צו זייער צוועק. צוערשט נעהמען זיי אין זייערע הענד דיא ערציהונג פון קינדער.

דער קינדישע גייסט איז שוואך, זיין שכל איז נאך ניט ענטוויקעלט; עס איז זעהר לייכט איהם צו בייגען, וואוהין מען וויל, עס איז זעהר לייכט איהם צו בעהערשען דורך שרעק. זיי בענוצען עס און פלייסען איין דעם קינד שרעק. זיי דערצעהלען איהם פון א שרעקליכען גאט, וועלכער שטראפט דיא אוראייניקליך פאר דיא זינד פון זייערע עלטער זיידעס; זיי דערצעהלען איהם פון א גיהנם, פון א מלאך דומה. קוים הייבט אן דאס קינד מורא צו האבען פאר גאט, פאר׳ן גיהנם און פאר׳ן מלאך דומה, ווייזען זיי איהם, וויא שרעקליך, וויא שוי־דערהאפט א רעוואלוציאן איז. זיי בענוצען דאס בלוט פאַרגיעסען, וואס קומט פאר ביי דער רעוואַ־לוציאן אום צו שרעקען דאס קינד און צו מאכען פון איהם איין „פריינד פון דיא ארדנונג“.

דער גייסטליכער גיט זיך אלע מיהע איינצו־פלייסען דעם קינד, אז מען מוז פאלגען דיא גע־זעצע פון לאנד, ווייל דאדורך בעקומט דאס קינד דרך ארץ און אבשיי פאר דיא געזעצע פון׳ם פריס־טער, פון דער „געטליכער“ רעליגיאן. דער הערר־שער זעהט צו מאכען דאס קינד גלויבען אין דיא „געטליכע“ געזעצע פון דער רעליגיאן, ווייל דא־דורך וועט עס גלויבען אין דיא מענשליכע געזעצע.

אויף אזא אופן ווערט דער יונגער דור איינגע־שלעפערט, אבגעשוואכט, ערניעדעריגט און פער־שקלאפט. ער ווערט פרום, ער ווערט רעליגיעז; ער האט מורא פאר דיא הערשער, פאר דיא רייכע, פאר דיא גרויסע, פאר יעדע אויטאריטעט.

דער מענשליכער געדאנקען ווערט איינגעשלע־פערט. דער פענדעל איז ווידער אראפּגעפאלען.

אין אזעלכע צייטען, ווען דער געדאנקען שלאפט, רעדט מען ניט איבער מאראל, מען דע־באטירט ניט איבער מאראל, מען קריטיזירט ניט דיא מאראל; מען בעגניגט זיך מיט דער געוואהנ־הייט, מיט רעליגיעזע צערעמאָניען, מיט פאלשע פרומקייט, אָדער מיט גלייכגילטיגקייט. מען טהוט נור דאס, וואס פאסט, וואס איז אנשטענדיג, וואס דיא וועלט פארדערט. קיינעם אינטערעסירט ניט דיא מאראל. דער מאראלישע געפיהל פאלט אין דער געזעלשאפט; ער פאלט אזוי ניעדעריג, ביז מען קומט צו דיא מאראל פון דיא רוימער אין דער צייט, ווען דאס רוימישע רייך איז געפאלען, צו דער מאראל פון דיא פראנצויזען פאר דער רע־וואלוציאן, צו דער בורזשואַ מאראל פון דער היינ־טיגען קאפּיטאליסטישען געזעלשאפט.

דאס גוטע, דאס ערעלע, דאס גרויסמוטהיגע אין מענשען ווערט אבגעשוואכט, פערוואקסען, פערראָסטעט, וויא א מעסער, וואס ליעגט א לאנגע צייט אין א פייכט אָרט אהן געברויך; פאלשקייט ווערט בעטראכט אלס טוגענד (גוטע מדות), קליינ־

ליכקייט, שוואכהייט— אלס פפליכט. מאכען געלד, אויף וועלכער אַרט מען קען נור, געניעסען, בענו־צען דעם אויגענבליק אין פערגניגען— זיינען דיא איינציגע בעדירפניסע, דיא איינציגע ווינשע פון דיא רייכע אדער פון דיא, וועלכע ווילען זיך פארטשטעלען אלס רייכע.

דיא פעררארבענהייט, דיא נידערטרעכטיגקייט פון דיא הערשער, פון דיא ריכטער, פון דיא גייסט־ליכע, פון דיא קאפיטאליסטען ווערט אזוי עמפע־רענד, אזוי הימעלשרייענד, אז דער מענשליכער געדאנקען מוז זיך אנהייבען צו בעוועגען. ער הייבט אן צו שטייגען.

דער פענדעל הייבט אן ארויף צו געהן.

דיא יוגענד הייבט זיך אן צו בעפרייען פון דער שלעכטער ערציהונג, זיא הייבט אן אראבצו ווארפען פון זיך אלע פאראורטהיילע; דיא קריטיק קומט מיט איהר שארפען מעסער און שניידעט אלעס, אניאליזירט אלעס. דער מענשליכער געדאנק, וועל־כער האפט זיך אויף צוערשט נור ביי איינצינע, פער־ברייטערט זיך אלץ ווייטער און ווייטער. ער גרייפט ארום זיך, צינדעט, וויא א פייער, ביז עס ווערט גע־געבען דער אלטער ארדנונג א שטויס און — דיא רעוואלוציאן הייבט זיך אן.

יעדעס מאל, ווען דער מענשליכער געדאנקען ערוואכט פון זיין שלאף, שטעלען זיך פאר דיזעל־בע פראגען: דארף מען זיך האלטען אן א מאראל, וואס איז פון גרונד אויס פאלש? מוז מען דען הא־

בען א מאָראל? מאָמער וואלט מען זיך געקענט באגעהן נאר אהן אמאראל?

מען הייבט אן צו קלערען, מען הייבט אן צו פאָרשען, וואס איז אועלכעס דיא מאראל, פון וועלכע מיר הערען אזוי אָפט רעדען און קיינער האט עס נאך ניט ערקלערט? מען זוכט עס צו ער־קלערן פון דעם שטאנד פונקט, אויף וועלכען דיא וויסענשאפט געפינט זיך אין דער צייט. מען קען עס אבער ניט דערקלערן, ואָ לאנג מען דענקט, אז דיא מענשליכע נאטור איז עפּעס העכערעס, עפּעס בעסערעס, עפּעס פּריווילעגי טעס. מען מוז זיך אראבלאזען ביז צו דער מאראל פון דיא טהירע, פון דיא פּפלאנצען, פון דיא מינעראלען.

און וואונדערבאר! וואס מעהר מען גראבט אונ־טער דעם פונדאמענט פון דער מאראל, וואס מעהר מען קריטיזירט דיא מאראל און מען בעווייזט, וויא מאנגעלהאפט, וויא ניכטיג זיא איז— אלץ מעהר הייבט זיך דער מאראלישע געפיהל אין דער מענש־ליכען געזעלשאפט; אלץ מעהר מאכט ריזער מא־ראלישער געפיהל גרעסערע פארטשריטע; ער וואקסט, ווארצעלט זיך איין טיעף, פערעדעלט זיך און פערעדעלט דיא מענשהייט.

זאָ איין ביישפיעל זעהן מיר אין 18טען יאהר־הונדערט. אין דעם יאהר 1723 האט דער ענגלי־שער סאטיריקער מאנדעוויל אין זיין בעריהמטעס בוך „דיא פאבעל פון דיא ביענען" פערשפּאטעט דיא ענגלישע געזעלשאפט מיט איהר מאראל. ער

האט רייטליך בעוויזען, וויא פאלש, וויא ליעגענ־האפט איז דיא מאראל, וואס דיא ענגלישע געזעל־שאפט האט דאמאלס געפּרעדיגט.

ער האט דייטליך בעוויזען, אז וואס מעהר מען וויל אונטערדריקען דיא מענשליכע לייערנשאפטען דורך רעגעלן און געזעצע פון דער „וואַגעגאנטער“ מאראל, אלץ שטארקער, אלץ ערגער ווערען דיא לייערנשאפטען און פיהרען צום שלימערען, ניט צום בעסערן. ער האט אויסגעשפּראכען דיזעלבע מיינונג, וואס דער פראנצויזישער געלערנטער פוּר־ריע, האט שפּעטער בעוויזען, אז דיא מענשליכע לייערנשאפטען מוזען האבען אפריי פעלד, וואו אויסצוטאבען, וואו זיך צו ערשעפּפען; קוים אבער האלט מען זיי צוריק דורך רעגעלן, דורך געזעצע, ווערען זיי אומגעוואנדעלט אין פערברעכען. נור אין איין פונקט האט ער א טעות געהאט, נור אין איין הינזיכט איז זיינע מיינונג ניט ריכטיג. ער בעהויפּ־טעט, אז דיא מאראל קומט בירושה פון דיא על־טערן און אז דיא הערשענדע קלאסע זוכט איינצו־פלאנצען דיא מאראלישע געפיהלע, אום דער נאך בעסער צו בעהערשען „זיינע מאראלישע אונטער־טהאנען“. ער האט אין זיין צייט נאך ניט גענוג גע־קענט דיא וואלאגיע, (דיא לעהרע איבער דאס לעבען פון דיא טהיערע) ער האט ניט געקענט דיא מאראל פון דיא טהיערע.

שפּעטער האבען דיא ענציקלאָפּעדיסטען און פילאזאפען קריטיזירט און אנאליזירט דיא מאָראל.

עס איז בעקאנט, וואס פֿאר א מאראל עס האבען געאייסערט דיא פראנצויזישע אנארכיסטען־אטהעאיסטען פון 1793. פערגלייכען מיר דיא אידעען פון דיא יאקאבינער, דיא לעגיסטען, *) דיא פאטריאָטען, וועלכע האבען געפּרעדיגט, אז דיא מאראל איז נויטוועגדיג, אז זיא קומט פון דעם „עוויגען וועזען", פון דער „ריינען פֿערנונפֿט", מיט דיא אידעען פון דיא אטהעאיסטען— אנארכיסטען פון יענער צייט, וועלכע האבען ניט געוואלט וויסען ניט פון איין „עוויגען וועזען", ניט פון איין „ריינער פערנונפט" ניט פון א מאראל, און מיר זעהן מיט שטוינען, וויא דיא אנארכיסטען זיינען געוועזען פיעל מאראלישער, אלס דיא אלע אנדערע איסטען!

פאר וואס זאל איך זיין מאראליש? דארף מען האבען א מאראל? דיזע פראגען האבען געשטעלט דיא פֿילאָזאָפֿען פון XVI און דיא רעוואלוציאָנערע פון XVIII יאהרהונדערט. דיזע פראגען האבען געשטעלט שפעטער דיא אוטיליטאריער, וויא בענטהאם און דשאן סטוארט מילל, דיא מאטעריאליסטען, וויא לודוויג ביכנער און דיא רוסישע ניהיליסטען פון 1860-70. דיזע פראגען שטעלען יעצט דיא פראנצייזישע אנארכיסטען.

פאר וואס, אין אמת אריין, דארף מען זיין מאָ־

*) לעגיסטען האבען אין 1793 געהייסען א פּאַרטיי, וועלכע האט בעהויפטעט, אז דיא געזעצע זאָלען הערר־שען, דיא געזעצע זאָלען רעגירען.

ראליש? האבען נעפֿרעגט דיא רוסישע ניהיליסטען. אפשר דערפאר, וואס עס שטעהט אזוי געשריעבען אין דער ביבעל, אין תנ״ך?

אבער דיא ביבעל איז דאך נור א זאמלונג פון אלטע אידעען, פון אלטע רעגעלן איבער מאראל פון דיא אידען, דיא פערזער און כאלדעער. מען האט געזאמעלט דיזע מאָראל רעגעלן, אזוי וויא מען האט געזאמעלט דיא ליעדער פון האמער, פֿון העזיאד, פון אססיאן. אזוי וויא מען זאמעלט יעצט דיא ליעדער און פאלקסזאגען פון דיא מעקסיקאַנער, פון דיא ווילדע אינדיאנער,— דארפען מיר דען פאלגען אן אלטע, פארשימעלטע מאראל פון מאנגאלען און פון בארבארען? דארפען מיר דען צוריקגעהן צו דיא אלטע צייטען פון פֿינכטערניס און אונוויסענהייט?

אדער אפֿשר דארפען מיר לעבען מאָראליש, ווייל דער פילאָזאָף עמאנועל קאנט האט געזאגט, אז אין דער טיפעניס פון אונזער הארצען איז דאָ א געהיימע קראפט, וואס הייסט אונז זיין מאָראַליש? קאנט רופט דיזע קראפט: „דער קאטעגאָרישע בעפֿעהל" Der categorische Imperativum.

אויב אזוי, איז דאך דיא פראגע, פאר וואס זאלען מיר פאלגען דיזע געהיימע קראַפֿט מעהר, וויא דיא אנדערע געהיימע קראפט, וואס הייכט אונז זיך אנשיכור'ן? פאר וואס דארף איך טאהן, וואס דיא איינע געהיימע קראפט הייסט מיר און ניט טאהן דאס, וואס דיא אנדערע געהיימע

קראפט אין דער טיעפעניש פון מיין הארצען בע־
פעהלט מיר?

דאס בעווייזט, אז קאנט'ס „קאטעגאָרישער בעפעהל" איז נור אווארט, א ליידיגער ווארט, אזוי וויא דיא ווערטער: שיקזאל, פארזעהונג, גאט, וואס דיא מענשען האבען אויסגעפונען צו פארדע־קען זייער אונוויסענהייט. ווען עס קומט זיי פאר א פראגע, וואס זיי קענען ניט ערקלערען, טראכטען זיי אויס א נייען ווארט, וואס ניט זיי, ניט אנדערע פארשטעהן ניט און דערמיט איז שוין אלעס פער־ענטפערט.

אָדער אפשר דארפען מיר זיין מאראליש, ווייל דיא מאראל מאכט אונז גליקליך? אזוי וויא דער ענגלישער פילאזאף בענטהאם זאגט, אז ווען איך ריסקיר מיין לעבען אום צו רעטען איינעם, וואס טרענקט זיך, בין איך גליקליכער, אלס דער וואס שטעהט פון ווייטענס און טהוט גאר ניט.

דאס איז דאך אבער פאלש. ווען מען קעמפפט מיט'ן וואסער אום צו רעטען דעם, וואס טרענקט זיך, איז מען דאמאלס געוויס ניט גליקליך. מען איז אפשר גליקליך שפעטער, ווען מען בעקומט א דאנק, אדער א בעלוינונג פאר דיא מאראלישע טהאט. פון דער טהאט אליין איז מען אבער געוויס ניט גליקליך. אלזא, ווען איך וויל ניט דעם דאנק, אדער דיא בעלוינונג, דארף איך ניט זיין מאראליש און ניט רעטען דעם, וואס טרענקט זיך.

אדער אפשר דארף מען זיין מאראליש דער־

פאר, וואס מען האט אונז אזוי דערציוגען? ווייל מיינע מוטער האט מיך אזוי געלערנט פון קינדער־וויים אָן?

אויב אזוי, דארף איך מיך בייגען פאר א קעניג—א מערדער, פאר א ריכטער—א שווינדלער, ווײל מיינע מוטער האט מיר געזאגט, אז מען דארף זיך פאר זיי בייגען? דארף איך האלטען פון אלע נאר־רישקייטען, וואס מיינע גוטע, אבער זעהר אונווי־סענדע מוטער האט מיר דערצעהלט, ווען איך בין געוועזן א קינד?

ווען דיא מאראל איז נור א פאראורטהייל, א בבא מעשה, וואס מיינע מוטער אדער מיינע אַמע (ניאנקע) האט מיר דערצעהלט, דארף איך גאר שטרעבען עס צו בעקעמפפען, אזוי וויא מיר שטרעבען צו בעקעמפפען דיא מורא פאר שידים, רוחות און מתים, וואס מען האט אונז איינגעפלייכט אין אונ־זער קינדהייט.

נאך מעהר, איך דארף גאר לעבען אונמארא־ליש אום צו פראטעסטירען געגען אלע אלטע, פארשימעלטע אידעען און לעהרען, וואס מען האט אין אונז איינגעווארצעלט אין אונזער קינדהייט?

דאס זיינען דיא געדאנקען און בעטראכטונגען, וואס האבען געבראכט דיא רוסישע ניהיליסטען אבצושאפפען אלע אלטע אידעען און פארשטע־לונגען פון מאראל און ארויף צו שטעלען אויף דער פאהן פון אנארכיזמוס: „קיין שום אויטארי־טעט, ער מעג זיין, וויא גוט, ניט אנצוערקענען;

קיין שום פּרינציפּ ניט אנצוגעהמען, וועלכער איז ניט געגרינדעט אויף דעם קלארען פערשטאנד, אויף דער פערנונפט".

און וואונדערבאר! קוים האבען דיא ניהיליס־טען געבראכען מיט אלע אלטע אידעען פון זייערע פעטער און מוטערס; קוים האבען זיי אבגעשאפט אלע אלטע רעגעלן פון מאראל — האט זיך ביי זיי ענטוויקעלט א נייע פארמע פון מאראַל, וועלכע איז בעסער, ערלער און שטעהט העכער אלס אלע פלוידערייען איבער מאראל פון דער ביבעל, פון דעם „קאטעגארישען בעפעהל" און פון „גליק".

אבער נאך אימער ויינען ניט פארענטפערט דיא פראגען: דארף איך לעבען מאראליש? דארף מען האבען א מאראל?

איידער מיר בעאנטווארטען דיזע פראגען, לאָ־מיר זעהען, אויב זיי ויינען ריכטיג געשטעלט גע־וואָרען. לאמיר בעטראכטען, וואס בעווענט א מענ־שען, ער זאל דיא זאך טאהן און דיא אנדערע זאך ניט טאהן; וואס צווינגט דעם מענשען צו האנד־לען אזוי און ניט אנדערש.

# II.

שוין אין גאנץ אלטע צייטען איז געשטעלט בעווארען דיזע פראַגע: וואס בעוועגט איין מענשען צו טאהן גוטעס אין דעם אנדערן צו טאהן שלעכטעס? וואס צווינגט איינעם, ווען ער זעהט, וויא א מענש טרענקט זיך, ארייגצושפרינגען אין וואסער, און ריסקירען זיין לעבען אום איהם צו רעטען, אין דער צייט וואס אנאנדערער שטעהט פון דער ווייטענס און וויל אפילו ניט „ארייגלעגען א האנד אין קאלט וואסער“?

אונזערע ניט שטארק איבערשפיצטע עלטער זיידעס האבען גלייך געפונען א תירוץ, אן ערקלערונג. — א נארישע, קינדישע ערקלערונג, אבער זיי זיינען געוועזען דערמיט גאנץ צופריעדען.

דער מענש — האבען זיי געזאגט — האט א יצר טוב, וואס הייסט איהם טאהן גוטעס און א יצר הרע, וואס הייסט איהם טאהן שלעכטעס. איז דער יצר טוב שטארקער, איז ער גובר, און דער מענש מאראליש און טהוט גוטעס; איז דער יצר הרע שטארקער, איז ער גובר, טהוט דער מענש שלעכטעס און איז אונמאראליש.

דיא קאטױליקען האבען עס זאָגאר אויסגעמאלט אויף א בילד. א מענש געהט אויף א פעלד און טראגט אויף דער רעכטער פלייצע א מלאך און

אויף דער לינקער פּלייצע א טייפעל. דער טייפעל הייסט איהם טאהן שלעכטס און אז ער איז שטאר־קער און דער מענש טהוט שלעכטס, שלעפּט ער איהם אראפּ אין גיהנום, אין דיא העללע; איז אבער דער מלאך שטארקער, טהוט דער מענש גוטעס און דער מלאך פיהרט איהם ארויף אין הימעל.

קורץ און גוט, דאס איז א תירוץ אויף אלע קשיות. שפּעטער, ווען דיא מענשען זיינען געוואָרען ציוויליזירטער און קליגער, האבען זיי זיך שוין גע־שעהמט צו גדוייבען אין א מלאך, אין א טייפעל, אין א יצר טוב מיט א יצר הרע. זיי האבען אויס געטראכט נייע ווערטער: „געוויסען" (סאָוועכט) און „ליידענשאפט". אָבער נור דיא ווערטער האבען זיך געענדערט, דיא אידעע איז געבליעבען דיזעלבע: אין דעם מענשען קעמפּפען 2 עלעמענטע, דער גוטער מיט דעם שלעכטען, דאס „געוויסען" מיט דער „ליידענשאפט". איז דער מענש גוט און מאָ־ראליש, זאָגען זיי, אז זיין געוויסען האט געזיעגט; איז דער מענש שלעכט, אונמאָראליש,— האבען זיינע ליידענשאפטען געזיעגט.

---

מען קען זיך לייכט פארשטעלען, וויא ער־שטוינט זיינען געוועזען אונזערע עלטערן, ווען דיא פילאָזאָפען און ענציקלאפּעדיסטען האבען דער־קלערט, אז אין דעם מענשען געהט גאר קיין קאמפּף ניט פאָר; אז דער יצר טוב מיט'ן יצר הרע

קריעגען זיך גאר ניט; אז אלעס וואס דער מענש טהוט, גוטעס אָדער שלעכטעס, האט נור איין מאטיוו, איין גרונד, איין אורזאַכע— ער טהוט עס, ווייל ער האט דערפון פערגניגען, אדער ער וויל אויסמיידען, וואס איז איהם אונאנגענעהם.

דאָ איז געוואָרען א ליארם, א געשריי, א געפילדער צווישען דיא פרומע, דיא רעליגיאָנס שווינדלער און דיא מאָראליסטען פון יענער צייט. מען האט געשריען, אז דיא פילאָזאָפען פרעדיגען, אז מען דארף ניט זיין מאָראליש, אז זיי קארומפירען און פערדארבען דיא מענשהייט. מען האט זיי גע־זידעלט, מען האט אויף זיי געשימפפט און מען האט זיי ענדליך אריינגעלעגט אין חרם אריין.

שפעטער, אז דיא גרויסע דענקער פון אונזערע צייט, בענטהאם, דשאָן סטואַרט מילל און טשער־נישעווסקי, האבען בעשטעטיגט דיזע מיינונג, אז וואס דער מענש טהוט, איז נור ווייל ער האט דער־פון פערגניגען, האט זיך אויפגעהויבען נייע גע־שרייען, נייע געוואלדען. מען האט פארבאָטען זייערע ווערקע, מען האט זיי פארפאלגט, און פער־אכטעט. שטייטש! זיי האבען אוועקגעוואָרפען ביי אונז דיא מאראל. געוואלד! האט מען געשריען.

און דאך, וואס קען זיין איינפאכער און פער־שטענדליכער, וויא דיזע איינפאכע און ריכטיגע ערקלערונג פון מאראל?

איינער נעהמט צו ביי א קינד דאס לעצטע שטיקעל ברויט. ער האנדעלט געוויס אונמאראליש;

ער איז אן עגאאיסט, וואס טהוט נור דאס, וואס מאכט איהם פערגניעגען און קימערט זיך ווייניג, וואס דער אנדערער וועט דער פון ליידען.

איין אנדערער גיט אוועק זיין לעצטען ביסען ברויט אן ארימאן, אדער ער טהוט אויס זיין לעצ־טען ראק און גיט איהם אוועק אנאנדערן, וואס ציטערט פאר קעלט. דער האט געהאנדעלט מא־ראליש. דיא מאראליסטען, וואס זיינען נאך גע־וואוינט מיט דיא אלטע רעליגיעזע ווערטער, רופען אזא טהאט: „נעכסטען ליעבע", „זעלבסט ענט־זאגונג" און דערגלייכען.

אין אמת אריין אבער, ווען מיר קוקען זיך צו צו רעם, וואס דיזע ביידע מענשען האבען גע־טאהן, געפינען מיר, אז דיא ביידע האבען עס גע־טאהן אויס איין גרונד: עס מאכט זיי פערגניגען, אדער זיי ווילען אויסמיידען, וואס איז זיי אונאנ־גענעהם.

ווען דער, וואס גיט אוועק זיין לעצטען ביסען ברויט אן ארימאן, וואלט דערפון ניט געהאט קיין פערגניגען, וואלט ער עס געוויס ניט געטאהן. ווען דער זעלבער מענש זאל האבען פערגניגען דער־פון וואס ער וועט ביי יענעם אוועקנעהמען דאס לעצטע, וואלט ער עס געוויס געטאהן. ער האט אבער פערגניגען דערפון, וואס ער גיט יענעם, דערפאר טהוט ער עס.

דער מאטיוו פון דיא ביידע האנדלונגען איז ניט א פערשיעדענער; ניט דער האט געטאהן אזוי

אויס איין גרונד און דער אנדערער האט געטאהן אנדערש אויס איין אנדערער אורזאכע. ניין!ביידע האבען געהאנדעלט אויס איין אורזאכע— ביידע ווילען האבען פערגניגען, אדער אויסמיידען, וואס איז זיי אונאנגענעהם; ביידע האנדלען— אויס עגאאיזמוס.

—

לאמיר נעהמען דעם נידערטרעכטיגען באנדי־טען טהיעג, וועלכער האט געהייסען אויסהרגע־נען 35 טויזענד פאריזער ארבייטער; לאמיר נעהמען א געוועהנליכען מערדער, וואס דערהרגעט א גאנצע פאמיליע אום ויא צו בערויבען, צו נעהמען זייער געלד און דער נאך עס צו פערשווענדען.

ביידע טהוען זייערע שלעכטע טהאטען אויס פערגניגען. טהיער וויל האבען פארגניגען און בעהערשען פראנקרייך; דער מערדער וויל האבען פערגניגען פון דעם געלד, וואס ער וועט רויבען אין דער צייט, ווען זיי טהוען זייערע שלעכטע טהאטען איז דער געפיהל פון פערגניגען, פון עגא־איזמוס אזוי שטארק ביי זיי, אז אלע אנדערע גע־פיהלע, וויא מיטלייד, רחמנות און מענשליכקייט זיינען ביי זיי אבוועזענד.

לאמיר נאר לאזען אן א זייט אזעלכע שטארקע ליידענשאפטען. (איך בענוץ נאך דאס אלטע ווארט) לאמיר נעהמען א קליין מענשעלע, אבער א קליין באס׳עלע, וועלכער בעשווינדעלט און בערויבט זיינע ארבייטער; ער זאגט ליעגען, ער שווינדעלט אויף

יעדען שריט און טריט — אום צו קויפען ציערונג פאר זיין געליעבטע, אדער פאר זיין פרוי. וואס איז דער מאטיוו, דיא אורזאכע פון זיין שווינדלען, פון זיין ליעגען זאגען? ער זוכט פערגניגען.

———

עס איז א שאנדע צו מאכען אזא פערגלייך, אבער מיר מוזען עס דאך טאהן. עס איז א שאנדע צו פערגלייכען דעם געמיינעם שווינדלער, דעם נידערינען בעטרינער מיט איינעם, וואס קעמפפט פאר דיא מענשהייט, אפפערט זיין צוקונפט, זיין גליק, זיין לעבען פאר דיא בעפרייאונג פון דיא מענשהייט און געהט מיט פריידען שטארבען אויפ'ן עשאַפאט פאר זיינע אידעען, פאר זיינע פרינציפען. מיר מוזען עס אבער טאהן אום אונזערע אידעע בעסער צו ערקלערען.

זאגט דעם רוסישען ניהיליסט, אדער דיא רו־סישע ניהיליסטין, אז זיי זאלען פארבייטען זייער לעבען פול מיט ליידען, מיט פערפאלגונגען פאר דאס גליקליכע לעבען פון דעם געמיינעם, רייכען שווינדלער און זיי וועלען אייך שטאלץ ענטפערן: ניין! מיר ווילען עס ניט טאהן. זיי געפינען זייער פערגניגען אין קאמפף געגען דעם טיראן. פארניכ־טען דעם טיראן, בעפרייען דיא מענשהייט, איז זייער איינציגעס פערגניגען, זייער לעבענסגליק; אלע פריידען פון אַ בורזשאַ לעבען קומען זיי פאר קליינליך, נידעריג און טרויעריג.

זאגט אַ רוסישע ניהיליסטין, ווען מען פיהרט

זיא הענגען, „מען וועט דיר שענקען דאס לעבען, אבער מיט דער בעדינגונג, אז דו זאָלסט לעבען, וויא דיא בורזשואַ", וועט זיא איך ענטפערן שטאלץ: ניין! ניין!

—ויי לעבען נים, ווי קוואַסען מר. איך האב געלעבט!

---

מיר ריידען פון זאכען, וואס דער מענש טהוט איבערלייגט און בעוואוסט. שפעטער וועלען מיר ברייגנען אנאנצע רייהע זאכען, וועלכע דער מענש טהוט אונבעוואוסט, נים איבערלייגט, וויא א מאשין. דערווייל אבער ריידען מיר נור פון זא־כען, וואס דער מענש טהוט בעטראכט, בעקלערט און ציעלבעוואוסט און מיר בעהויפטען, אז ער טהוט אלעס נור, ווייל ער זוכט צו האבען פערגע־ניגען, אדער אויסמיידען וואס איז איהם אונאנגענעהם.

איינער שיכור'ט זיך אן טעגליך און וואלגערט זיך אין דיא גאסען. ער טהוט עס, ווייל ער געפינט, אז דער ווייז, אדער דער שנאפס רייצט זיינע שוואַ־כע אדער אבגעשוואכטע נערוועז. ער זוכט זיין פערגניגען אין דעם, וואס זיינע נערווען ווערען גע־רייצט. דער אנדערער האט אויך ליעב וויין, ער האט אויך פערגניגען פון טרינקען, ער טרינקט אבער נים, ווייל ער געפינט מעהר פערגניגען, ווען דער קאפ איז איהם קלאר און ער קען דענקען, פארשען אדער שרייבען. דאס מאכט איהם מעהר פערגניגען, אלס שיכור'ן. ער איז גלייך צו א גרויסען פרעסער,

וואס קומט אין א רעסטאראן און הייסט זיך וויזען דאס צעטעל פון דיא שפייזען, Menu. ער וויל עסען פיש, וויל עסען האזענבראטען, וויל עסען געבראטענע טויבען און וויל עסען א שטיק אינדיק. ער קען דאך אבער ניט עסען אלעס מיט איין מאל. ער קלייבט אויס דאס, וואס מאכט איהם מעהר פערגניגען און עסט עס.

ווען איינער נימט אוועק זיין לעצטען ביסען ברויט אן ארימאן, אדער ער טהוט אויס זיין לעצטען ראָק, גיט איהם אוועק איינעם, וואס גייט נאקעט און ער אליין האט ניט וואס אנצוטאָן און ציטערט פאר קעלט, טהוט עס דערפאר, ווייל זעהען, וויא יענער איז הונגעריג אדער וויא יענער פריהרט, טוט איהם מעהר וועה, אלס ווען ער אליין איז הונגעריג אדער ווען ער אליין ציטערט פאר קעלט.

ער ווייס גאנץ גוט, אז ער וועט ליידען קעלט אדער הונגער. ער וועט אבער פיעל וועניגער ליידען, אלס ווען ער זעהט וויא יענער ליידעט.

אלזא, ער וויל אויסמיידען אזאך, וואס איז איהם אונאנגענעהם; אדער פון 2 אונאנגעהמליכקייטען, פון 2 סארטען ליידען, קלייבט ער אויס דאס קלענערע, דאס לייכטערע.

ביי דיא ווילדע פון אויסטראליען איז פערברייטעט דער גלויבען, אז פאר דעם טויט פון נאהענטע קרובים מוז מען זיך נוקם זיין. ג י אַ, א בעריהמטער רייזענדער, דערציילט, אז ווען עס מאכט זיך, אז ביי א ווילדען אויסטראליער ווערט געהרג'עט א

פֿאטער, א ברודער, א שוועסטער אדער איינער פון זיינע גאנץ נאהענטע קרובים, עסט ער ניט, טרינקט ניט, שלאפֿט ניט, ביז ער איז זיך נוקם און דער־הרגעט דעם מערדער. ער טראצט דיא שרעקליכסטע געפאהרען, ער בענעהט דיא גרעסטע העלדענ־טהאטען אום זיין נקמה אויסצופיהרען. זיין לעבען האט ביי איהם קיין שום ווערטה ניט, זא לאנג ער פיהרט ניט אויס זיין נקמה. דאס געפיהל זיך נוקם צו זיין מארטערט איהם אזוי שרעקליך, קוועלט איהם אזוי שטארק, אז ער קען אן קיין שום זאך ניט דענקען, ביז ער בעפריעדיגט עס. דאס איז זיין העכסטער פערגניגען. ווען ער האט זיך שוין נוקם געווען, ווערט ער בערוהיגט. דיא נקמה גיט איהם צוריק דעם פריערען, וואס האט איהם געפעהלט.

אנאנדער רייזענדער דערצעהלט פון זיין רייזע אין בראזיליען, פאלגענדעס. אמאל האט ער אויפ־געשלאָגען זיין געצעלט אין א וואלד און האט זיך געליינט אברוהען. א באנדע אפפען, (אַבעזיאנעס) זיינען זיך צונויפגעקומען בעטראכטען זיין געצעלט און האבען איהם געשטערט דעם שלאָף מיט זייער געשריי. ער האט פאר בעס געהאפט זיין ביקס און האט אויסגעשאסען. איינער פון דער באנדע איז געפאלען טויט. ער האט איהם אריינגענממען צו זיך אין געצעלט. עס איז געווען א שעהנער עקזעמ־פליאר און ער האט איהם געוואלט אראפנעהמען דאס פעלכעל.

דיא באנדע אפפען האבען זיך פערזאמעלט

ארום זיין געצעלט און האבען נעפאָרדערט דעם טויטען קערפער פון זייער קאמעראד. זיי האבען געשריעען, געקרעכצט, געקוויטשעט, געוויינט און געשפרונגען און האבען איהם ניט געלאזט לעבען. ער האט אויך זיי געשריען; ער האט זיי געדראהט ער האט זיי געוויזען דעם ביקס, עס האט אבער קיין זאך ניט געהאלפען. ענדליך איז זאגאר דער עלצטער אפע אריינגעגאנגען צו איהם אין געצעלט און האט אזוי לאנג און מיט אזא רחמנות פנים געליארעמט און געבעטען, ביז דער רייזענדער האט איהם געמוזט ארויסגעבען דעם טויטען. די באַנדרע האט איהם אויפגעהאָפּט און האט איהם אוועקגע־שלעפט מיט קרעכצען און געשרייען אין וואלד אריין.

די אפען האבען דאס געטאָהן אים מיטליידצו זייער ברודער. זיי האבען ניט געוואוסט, אז ער איז גאנץ טויט; זיי האבען געמיינט, אז ער לעבט און איז געפאנגען אין דעם געצעלט פון דעם רייזענדען, וויי האבען זעהר גוט געוואוסט, אז דער מענש איז שטארקער פון זיי; ער קען זיי שלאגען, ער קען זיי טויטען. אבער דאס געפיהל פון מיט־לייד, פון רחמנות צו זייער ברודער האט זיי אזוי געמארטערט און געקוועלט, אז זיי האבען גאר פארגעסען אן זייער אייגענע זכרהיים. דאס גע־פיהל פון מיטלייד האט די ארימע שטומע חיות אזוי ווייט געדריקט און געצוואונגען, אז זיי האבען ריסקירט זייער לעבען אום פון דעם געפיהל לויז צו ווערען.

דיא אמייזען (מוראשקעס) װארפען זיך אריין אין פייער אריין, װען דיא ערגסטע חיה אויף דער װעלט, דער מענש, צינדעט אונטער זייער נעסט. טױזענדער װייס אָפּפערן זיי זייער לעבען אום צו רעטען זייערע יונגע קינדער פון פייער. זיי ריסקירען זייער לעבען אום צו האבען דאס פארגניגען צו רע־טען זייערע אייער און זייערע קינדער, ארום װעלכע זיי גייען ארום און פאר װעלכע זיי זארגען מעהר און בעסער, װיא פיעלע פון אינזערע בורזשואַ מענשען.

א װערעמעל קריעכט אװעק פון דעם אָרט, װאו דיא זון ברענט. עס איז איהם צו הייס און ער זוכט א קיהלערן ארט, װאו ער פיהלט זיך בעסער. ער האט דארט מעהר פערגניגען.

פּיעלע בלומען; בעזאנדערס אבער דיא זאנען־בלומע, (פאדסאלנעטשניק) קעהרען זייערע בלע־טער און זייערע קעפּעלעך אין דער זייט, װאו דיא זון איז, אין דער פריה זיינען זייערע בלעטער גע־בויגען קיין מזרח זייט, ביי טאג שטייען זיי גלייך אין דער הויך, פאר נאכט קעהרען זיי זיך קיין מעריב זייט. אנדערע בלומען פארשליעסען גאר זייערע קעפּעלעך ביי נאכט, ארער אין א װאלקענ־דיגען טאג און עפענען זיי, װען דיא זון שיינט. עס איז דא א בלומע, װאס מען רופט זיא: „ריהר מיך ניט אָן", Nolli me tangere. איהרע בלעטער ױי־נען אויסגעשפּרייט, װיא אלע אנדערע בלעטער פון בלומען און בוימער; קוים אבער ריהרט מען זיא

און, קייקלען זיך דיא בלעטער צונויף, גלייך וויא זיי וואלטען אנטלויפען פון מענשען.

ווארום טהוען עס דיא בלומען? זיי צווינגט אויך דאס געפיהל פון פאַרגעניגען, אדער זיי מייַדען אויס, וואס זיי איז אונאנגענעהם. אלעס אויף דער וועלט טהוט און ווירקט אויס דעם איינעם געפיהל: דיא אפען, דיא אמייזען (מוראשקעס), דאס ווערעמעל, דיא בלומען, דער אויסטראליער, דער קריסטליכער מארטירער, וואס לאזט זיך פאַרברענגען אויפ׳ן שייטערהויפען פאר זיין אין דרייענדיגען גאט און דער ניהיליסטישער מארטירער, וואס שטייגט אויפ׳ן עשאפאָט פאר זיינע שטרעבונגען צו בעפרייען דיא מענשהייט.

זוכען פערגניגען, אויסמיידען, וואס איז אונאנגענעהם איז דיא נויטוועגדיגקייט פון׳ם לעבען, דאס איז דיא עססענץ פון׳ם לעבען. דאס איז דיא ט ה ע אָ ר י ע—פון עגאָאיזמוס.

———

אבער, ווען דער לעזער געוויס פרעגען, וואס האבען מיר געוואונען, ווען מיר זיינען געקומען צו דיזער טהעאריע? זיינען מיר דען ווייטער פארטגעשריטען, ווען מיר בעקענען שוין דיעזע לעהרע?

געוויס! מיר האבען זיך ערווארבען איינע וואהרהייט און האבען צערשטערט און אבגעשאפט א פאַראורטהייל, וועלכער איז געוועזן דיא אורזאכע פון פיעלע אירטהימער, פון פיעלע פארפיהרונגען, פון פיעלע ליידען דער מענשען און האט געבראכט

דער מענשהייט פיעל שארען, פיעל נויטה, פיעל בלוטפערגיסען.

וויא באלד אווי — וועט געוויס יעדער דענקענדער לעזער פרעגען — וויא באלד, או דיא מאראל איז א נאטור נויטווענדיגקייט, א נאטור געזעץ, צו וואס אלזא זאל מען ויא פראפאגאנדירען? ווארום זאל עס מיך קימערן, ווען איך זעה אונטערדריקטע און בערויבטע? דער מענש דארף אלזא זיין אינדיפערענט, גלייכגילטיג און קיין זאך דארף איהם ניט הארען?

דיעזע פראגען וועלען מיר בעאנטווארטען אין דיא פאלגענדע קאפיטלעך.

# III.

---

דיא טהעאָריע פון ענאָאיזמוס לערנט אונז, אז אלעס, וואס דער מענש טהוט, זיינע גוטע טהאַטען, וויא זיינע שלעכטע, דיא גרעסטע אויפאפפערונג, וויא דיא ניערעריגסטע שווינדלערייען—אלעס טהוט ער נור דערפאר, ווייל ער וויל האבען פערגניגען, אדער אויסמיירען, וואס איז איהם אונאנגענעהם.

מען קען זיך לייכט דענקען, וויא פיעלע מענשען זיינען ניט צופריעדען מיט דיעזער ערקלערונג פון מאָראל. ניט נור דיא פרומע, דיא רעליגיעזע שרייען: געוואלד! מען נעהמט דאך ביי אונז אלעס צו! וואס בלייבט אונז איבעריג פאר אונזערע גוטע מעשים? ואנדערן ואנאר פיעלע געבילדעטע און פארטנעשריטענע מענשען זיינען מיט דיעזער ערקלערונג פון מאראל ניט איינפערשטאנדען; זיי קענען עס זיך גאר ניט פארשטעלען, אז דער וואס אָפפערט זיין לעבען פאר דיא בעפרייאונג פון דיא מענשהייט, טהוט עס אויס דעמזעלבען מאָטיוו, אויס דעמזעלבען געפיהל, וויא דער קליינליכער שווינדלער, וואס זוכט אויסצוררייסען ביי זיינע ארבייטער א פאר סענט?

דיעזע אינצופריעדענהייט, דיעזעס ניט פארשטעהן פון דער איינפאכען און נאטירליכען טהע־

אָריע פון ענגאָאיזמוס קומט דערפון, וואס, וויא אויפגעקלערט און פארטגעשריטען זיי זיינען, קענען זיי זיך דאך ניט גאנץ בעפרייען פון דעם רעליגיעזען געדאנקען פון בעשטראפונג און בעלוינונג. פון קינד ווייס אָן האט מען זיי אריינגעשלאגען אין קאפ, אז פאר א גוטע טהאט ווערט מען בעלוינט און פאר א שלעכטע טהאט ווערט מען בעשטראפט.

דער לעהרער אין דער שולע בעלוינט דעם גוטען שילער מיט א צייגניס, מיט א חניפה — ער לויבט איהם פאר אלע קינדער — און בעשטראפט דעם שלעכטען שילער מיט דעם, וואס ער לאזט איהם איבער אין דער שולע אויף א שעה אדער 2 שפעטער פון אלע קינדער.

דער הערשער, אדער דער שטאאט בעלוינט דיא גוטע טהאט מיט א מעדאַלע און דיא שלעכטע טהאט מיט געפענגניס.

דער פריעסטער ערקלערט, אז פאר דיא גוטע טהאט האט מען דעם גן עדן און פאר דיא שלעכטע—דעם גהינם. מען ווערט אזוי פערוואקסען מיט דער אידעע פון בעשטראפונג און בעלוינונג, אז מען קען זיך גאר אנדערש ניט ערקלערן דיא טהאטען פון א מענשען, נור אז ער טהוט א גוטע זאך אום בעלוינט צו ווערען.

ווען זיי זאלען אבער זיך צו קוקען צו דעם לעבען פון דיא טהירע, צו דעם לעבען פון דיא פפלאנצען, וואלטען זיי זיך איבערצייגט, אז דיא

טהירע און דיא פפלאנצען האבען א גאנץ אנדערע און פיעל בעסערע מאָראל.

דיא אלטע קירכען פעטער האבען עס שוין זאגאר פערשטאנען. דער הייליגער אויגוסטין זאגט: „דיא טהירע האבען ניט קיין וועלע; אלעס, וואס זיי טוען, איז נור דיא נויטווענדיגע בעדירפניס פון זייער נאטור; דערפאר איז ביי זיי ניטא ניט קיין גוטע, ניט קיין שלעכטע מדות. זיי וויסען ניט פון קיין גן עדן, ניט פון קיין גהינם, ניט פון בעשטראַפונג, ניט פון בעלוינונג; זיי טוען נור דאס, וואס איז גוט און נוצליך פאר זיי".

דער הייליגער אויגוסטין, וויא אלע קריסטליכע, מאהאמעדאנישע און בודיסטישע רעליגיאנס לעהרער, וואס האבען געגלויבט, אז דער מענש האט א נשמה און שטעהט העכער פון דיא טהירע, האבען אנדערש ניט געקענט ערקלערן דיא גוטע און דיא שלעכטע טהאטען פון'ם מענשען, אלס דורך דעם איינפלוס פון גאט, אדער פון'ם טייפעל. דיא פילאָזאפען און דיא מאראליסטען, וואס האבען ניט געגלויבט אין גאט און אין דעם טייפעל, האבען אויסגעטראכט נייע ווערטער, וויא „געוויסען" „קאטעגארישער בעפעהל" און דער גלייכען.

ניט דיא רעליגיאנס לעהרער, ניט דיא פילאָזאפען, ניט דיא מאראליסטען האבען ניט געלערנט קיין זאאָלאגיע, (דיא לעהרע איבער דאס לעבען פון דיא טהירע); זיי האבען זיך ניט צו געקוקט צו דעם לעבען און דיא טהאטען פון דיא טהירע; זיי

האבען ניט בעאבאכטעט, דיא גאנץ געוועהנליכע פאַקטען פון דיא טהאטען און האנדלונגען פון דיא טהירע, וועלכע לעבען אין געזעלשאפטען, וויא צ. בש., פיש, פייגעל, אינזעקטען און דערגלייכען. דיא טהירע ווייסען זעהר גוט, וואס הייסט א גוטע טהאט און וואס הייסט א שלעכטע. נאך מעהר, ויי האבען פון א גוטער און א שלעכטער טהאט פונקט דיזעלבע בעגריפע, וויא דער מענש.

דיא נאטורפארשער פון'ם 18טען יאהרהונדערט האבען שוין בעמערקט דיזען וואונדערבארען פאקט; ויי האבען בעאבאכטעט דיא האנדלונגען און טהאטען פון דיא טהירע און האבען אנגעשריעבען דאריבער גראבע ביכער. זיי האבען אבער קיינע שליסע פון דיזע פאקטען ניט געצויגען און דיא פאקטען האבען צו גאר נישט געפיהרט און ויינען ביסלעכוויים פארגעסען געווארען. ערשט אין 19טען יאהרהונדערט האט מען אנגעהויבען צו פארגלייכען דאס לעבען פון דיא טהירע, זייערע האנדלונגען מיט דעם לעבען און דיא טהאטען פון דיא מענשען און מען האט אויסגעפונען, אז ביי דיא טהירע איז ענטוויקעלט א פיעל ריכטיגערע מאראל, אלס ביי דיא מענשען.

———

פאָרעל, דער בעריהמטער נאטורפארשער, וועלכער האט פערבראכט צעהנדליגער יאהרען אין בעאבאכטונגען איבער דאס לעבען און דיא זיטען פון דיא אמייזען (מוראשקעס), דערצעהלט אונז

פאלגענדע פאקטען, וועלכע ער האט מעהרער מאל אליין געזעהען.

עס זיינען דא א מין מוראשקעס, וועלכע מען רופט: האניג־אמייזען. זיי גייען אין פעלד און זאמלען האניג פון דיא בלומען, פונקט אזוי וויא דיא ביענען טהוען; נור דיא ביענען זאמלען דעם האניג אין זייערע לאפקעס און דיא אמייזען — אין א בעזונדערן מאגען, א בעזונדערן בייטעל אין זייער בויך. ווען הונגעריגע מוראשקעס מיט א ליידיגען מאגען בעגעגענען א זאטע מוראשקע מיט א פולען בייטעל מיט האניג און זיי בעטען ביי איהר עסען, גיט דיא זאטע מוראשקע זיך א קוועטש, פון דעם בייטעל גייט ארויס א טראפען האניג און דיא הונ־געריגע עסען זיך אן. דיא זאטע אמייזע האלט עס פאר איהר פפליכט צו געבען עסען דיא הונגעריגע.

פרעגט ביי אזא אמייזע, אויב עס איז א שלעכטע זאך, אז מען זאל ניט געבען צו עסען דיא הונגע־ריגע, וועט זיא אייך געוויס ענטפערן: דאס איז זעהר א שלעכטע זאך, אז איך האב צו פיעל און יענע הונגערט, מוז איך איהר אוועקגעבען מיין איבערפלוס. עס זיינען פארגעקומען פעלע — צוואר זעהר זעלטען — וואס איין אמייזע האט עס ניט גע וואלט טאהן; זיא האט ניט געוואלט אוועקגעבען איהר שווער פערהארעוועטעס „פריוואט אייגענטום“. דערפאר האבען זיא דיא אנדערע ארויסגעטריעבען פון זייער געזעלשאפט, פון זייער נעכט. נאך איין איבערראשענדער פאקט.

אמאל האבען 2 אמייזען געזעלשאפטען גע־פיהרט קריעג צווישען זיך.—דיא מוראשקעס זיינען א זעהר קריעגערישעס פאלק—פלוצלונג האבען זיי דערזעהן, וויא איין אמייזע וויל ניט געבען עסען א הונגעריגע, וועלכע זיא האט בעגעגנט. ביידע מחנות האבען אוועקגעווארפען דעם קריעג, זיינען ארויפגעפאלען אויף דער שלעכטער, פֿארדארבענער מוראשקע און האבען זיא צוריסען אויף שטיקלעך.

דיא קליינע פייגעלעך שפערלינגע (ווארָאביייט־שיק) שטעלען אויס וואכען, וועלכע מעלדען דער גאנצער געזעלשאפט אלעס, וואס עס קומט פאר ארום זיי. ווארפט מען עטליכע שטיקלעך ברויט און דיא וואכען בעמערקען עס, גיבען זיי א צייכען, דורך א קוויטש, אז אלע זאלען קומען און אנטהייל נעהמען אין דער סעודה, וואס דער מענש האט זיי געגעבען.

לאז עס דיא וואַך ניט מעלדען, אדער לאז קומען איינער און צו נעהמען אלע שטיקלעך ברויט, ווארפֿען זיך אלע אויף איהם ארויף, פערפאלגען איהם און טרייבען איהם ארויס פון זייער געזעלשאפט.

דער מוילוואורף (קראָט) איז א קליין חיהלע, וואס גראבט היילען אין דער ערד, וואו ער זאמעלט זיך שפייז אויפ׳ן ווינטער. ווען עס קומט אנאנדער מוילוואורף צו איהם, לאזט ער איהם אריין אין זיין הייל און לאזט איהם עסען, וויא פיעל ער וויל. פרעגט דעם מוילוואורף, פאר וואס ער טהוט עס און גיט אוועק זיין פריוואט אייגענטהום, וועט ער

אייך אויסלאכען; ער וועט עס גאר ניט פארשטעהן, וואס הייסט דאס, יענער איז הונגעריג און איך זאל איהם ניט געבען עסען?

פרעגט דעם טשוקטשי—א ווילד פאלק אין טיעף סיביר—אויב מען מעג אריינגעהן צו איינעם אין געצעלט און עסען, ווען מען איז הונגעריג און ער וועט אייך ענטפערן: ווען מען האט וואס צו עסען, איז עס זעהר שלעכט אריינצוגיין צו יענעם און עסען יענעמ׳ס; אבער ווען מען איז מיער און הונגעריג און מען האט ניט וואס צו עסען, מעג מען אריינגיין אין א געצעלט און עסען, וואס מען גע־פינט. ווען דער אייגענטהימער פון דעם געצעלט איז ניטא אין דערהיים, דארף מען איבערלאזען א צייכען: א שטיקעל שטריקעל מיט א שלייף, א מע־סער, א שטיקעל שמאטע און דערגלייכען, אום דער אייגענטהימער זאל וויסען, אז דאס איז געוועזען א פריינר, וואס האט געגעסען און ניט קיין רויבער. דער אייגענטהימער זאל ניט האבען קיין יסורים, אז אין זיין נאכבארשאפט געפינען זיך רויבער און ער מוז זיך היטען פאר זיי.

מען קען אנשרייבען גאנצע ביכער מיט אזעלכע פאקטען פון דעם לעבען פון דיא טהירע, פון דיא פייגעל, פון דיא פיש און פון דיא ווילדע מענשען, וועלכע האבען נאך קיין בעגריף פון רעליגיאָן און ציוויליזאציאן. דיזע פאקטען בעווייזען, אז דיא טהירע פארשטעהען זעהר גוט, פונקט וויא דער מענש, וואס עס הייסט א גוטע טהאט און וואס עס

הייסט א שלעכטע טהאט — או ביי זיי איז ענטוויקעלט דאס געפיהל פון מאראל.

———

דיא אמייזען, דיא פייגעלעך, דער מוילוואורף און דער טשוקטשי האבען ניט געלעזען ניט קאַנט, ניט דעם הייליגען אויגוסטין, ניט בענטהאם, ניט דושאן סטיוארט מיל; זיי זיינען אפילו ניט געגאנגען אין חדר און האבען ניט געלערנט קיין חומש און דעננאך ווייסען זיי, וואס עס הייסט א גוטע טהאט און וואס עס הייסט א שלעכטע טהאט. זיי האבען דיזעלבע בעגריפע דערפון, וואס דער מענש האט.

ווען מיר קוקען זיך צו בעסער צו דיזע פאקטען, זעהען מיר, או ביי דיא אמייזען, ביי דיא פייגעל, ביי דיא מוילוואורפּע, וויא ביי דיא ווילדע, הייסט א גוטע זאך, דאס, וואס איז גוט פאר דיא גאנצע קאלאניע, פאר דיא גאנצע געזעלשאפט; שלעכט הייסט דאס, וואס קען שאדען דיא קאלאניע, אדער דיא געזעלשאפט. ניט, וויא דיא אוטיליטאריער זאגען, או גוט הייסט דאס, וואס איז נוצליך פאר איינעם, פאר דעם אינדיווידיאום. ניין! גוט הייסט דאס, וואס איז נוצליך פאר דער געזעלשאפט.

אלזא, דיא מאראל, אדער דיא אידעע פון גוטעס און שלעכטעס, האט גאר ניט צו טאהן מיט דער רעליגיאן, אדער מיט דעם געוויסען. עס איז א געזעץ פון דער נאטור, א נאטירליכעס געפיהל —

איינע נאטהווענדיגקייט פאר דיא ערהאלטונג פון דער געזעלשאפט.

דיא רעליגיאנס לעהרער, דיא פילאזאפען און דיא מאראליסטען האבען אנגעשריעבען פיעלע גראבע ביכער איבער בעפעהלע פון גאט, איבער געוויסען—איבער א מאראל, וואס דיא קליינע מוראשקע טהוט עס אויס דעם גאנץ איינפאכען און נאטירליכען געפיהל, ווייל עס איז נוצליך פאר דיא געזעלשאפט.

———

דיזעס געפיהל, ארער דיזע אידעע פון נוצען און שאדען, איז ביי דיא נידעריגע טיהערע ענגער, ביי דיא העכערע ארער מעהר ענטוויקעלטע טהיערע, ברייטער.

ביי דיא אמייזען איז דיזעס געפיהל מר געגען דיא אמייזען פון זייער געזעלשאפט, פון זייער נעסט. דיא אמייזע וועט געבען עסען נור א מוראשקע פון איהר נעסט, פון איהר געזעלשאפט, א פרעמדע מוראשקא אבער, א מוראשקע פון אנ־אנדער נעסט, וועט זיא ניט געבען צו עסען. זיא וועט ניט העלפען ארבייטען א פרעמדע מוראשקע און וועט איהר ניט אריינלאזען צו זיך אין נעסט אריין.

דיא שפערלינגע, דיא ווארא ביישקעס, וועלכע טהיילען זיך אזוי פריינדליך, אזוי ברידערליך מיט אלעם, וואס איינער געפינט, וועלען שלאגען אין הרגענען פרעמדע שפערלינגע פון אנאנדער ארט

פון אנאנדערע געזעלשאפט, וועלכע זאלען קומען און וועלען טהיידנעהמען אין זייער סעודה.

דער טשוקטשי פון איין שטאמם, איין שבט, בעטראכט דעם טשוקטשי פון אנאנדערן שטאם, אנאנדערן שבט, אלס א פרעמדען. איהם וועט ער ניט געבען צו עסען; ער וועט איהם פערקויפען עסענוואַרג, דאס הייסט, ער וועט איהם אבנארען. (ביי יעדער קויף ארער ביי יעדען פערקויף מוז זיך דאך איינער אבנארען) דעם טשוקטשי אבער פון זיין שבט, פון זיין שטאם, טאר עס ניט פערקויפען דאס, וואס ער האט איבעריגעס; ער מוז עס איהם געבען; מיט איהם טאר ער קיין רעכנונג פיהרען. אלעס, וואס איינער האט, געהערט צום גאנצען שבט.

דער ציוויליזירטער מענש, וועלכער פערשטעהט דיא פערהעלטניסע צווישען איהם און דיא גאנצע מענשהייט, מוז דיזען פרינציפ פון נוצען און שא־דען פערברייטען און אנווענדען צו דער גאנצער מענשהייט און אפילו זאגאר צו דיא טהיערע.

ביי דעם ציוויליזירטען מענשען מוז דיזעס גע־פיהל, דיזע אידעע, זיין פיעל ברייטער. דאסזעלבע געפיהל, דיזעלבע אידעע, וואס דער אונוויסענדער טשוקטשי פארשטעהט אין דעם ענגען זינן פון דעם ווארט, מוז זיין ביים ציוויליזירטען מענשען פיעל ברייטער און ווייטער.

אמת, דיזעס געפיהל, אדער דיזע אידעע, איז זעהר בעוועגליך; זיא ענדערט זיך זעהר אפט, זיא

מוז צוגעפאסט ווערן צו פערשידענע צייטען און צו פֿערשיעדענע אומשטענדע: אבער נור דיא בע־גריפע פון גוטעס און שלעכטעס ענדערן זיך: וואס איז גוט אונטער געוויסע אומשטענדע, קען זיין שלעכט אונטער אנדערע אומשטענדע. דיא גרונד אידעע אבער, דער גרונד פרינציפ: גוט פאר דיא געזעלשאפט, אדער שלעכט פאר דיא געזעלשאפט, בלייבט אין אלע צייטען און אונטער אלע אומ־שטענדע דערזעלבער.

זא, צ. בש. געפינען מיר ביי איינינע ווילדע פעלקער א מנהג, אז זיי עסען אויף זייערע אלטע און שוואכע עלטערן, וואס קענען שוין דער גע־זעלשאפט קיין נוצען ניט ברענגען און זיינען נור א משא פאר זיך און פֿאר דיא געזעלשאפֿט. אנ־דערע ווילדע פעלקער לאזען לעבען נור זייערע עלטערע 3—4 קינדער, דיא אנדערע אבער, וואס ווערן שפעטער געבאָרען, טייטען זיי באלד נאך זייער געבורט.

מיר מוזען זאגען, אז דאס איז שלעכט, ניט מאָראליש. לאמיר זיך אבער פאָרשטעלען זייער לאגע, זייער הארטען און שווערן קאמפף מיט דער נאטור און מיט זייער אומגעבונג און מיר וועלען געפינען, אז דער ווילדער האנדעלט אין דיזער היג־זיכט אויך אויס דעמזעלבען געפיהל פון נוצען און שאדען פאר דיא געזעלשאפט. ער מוז טאהן איינס פון דיאביידע: ענטוועדער ער זאל לאזען לעבען זיינע אלטע און שוואכע עלטערן און ער מיט זיין

פאמיליע ואלען אלע צוזאמען הונגערן, אדער ער מוז פערניכטען דיא אלטע און שוואכע, כדי דיא יונגע און שטארקע זאלען קענען לעבען. פון 2 איבעלן מוז ער ערוועהלען דאס דייכטערע, וואס ברענגט נוצען פאר דיא געזעלשאפט,

דער בעריהמטער רוסישער רייזענדער מיקלוכא־מאקלאַי, וועלכער האט פיעלע יאהרען פארבראכט ביי דיא פאפואסען, א ווילד פאלק אין ניי־געווינעא, דערצעהלט, אז ווייט דיא מיסיאָנערען האבען זיך באזעצט ביי זיי און האבען זיי דערקלערט, אז מען טאר דיא אלטע און שוואכע נים אויפעסען, לײדען זיי זעהר פיעל הונגער און נויט.

דאסזעלבע איז דער פאל מיט דיא קינדער, וואס זיי טייטען. זיי מוזען עס טאהן אום דיא איבעריגע קינדער זאלען האבען, וואס צו עסען און זיין נוצליך פאר דיא פערטיידיגונג פון זייער געשלעכט, פון זייער דור.

אלזא, דער בעגריף פון גוטעס אדער שלעכטעס קען זיך ענדערן, ער קען אננעהמען פערשיעדענע פארמען; דיא אידעע בלייבט אבער אימער דיזעלבע ביי דיא אמייזען, ביו דיא שפערלינגע, ביי דעם מוילוואורף און ביי דעם מענשען.

דיא אידען, דיא קריסטען און דיא מאהאמעדאנער זאגען: „וואס דיר איז אונאנגענעהם, דאס זאלסט דו דעם אנדערן נים טאהן“. ווען נים, זאגען זיי ווייטער, וועסט דו געהן אין גיהנם אריין.

דיא מאראל פון דיא טהיערע איז אבער פיעל עדעלער, פיעל העכער, פיעל בעסער. זיא זאגט: „טהו פאר דעם אנדערן דאס, וואס דו ווילסט, אז אנדערע זאלען טאהן פאר דיר".

זיא זאגט ווייטער:

דאס איז נור אן עצה, א גוטער ראטה, וואס איך גיב דיר, אבער דיזע עצה איז דיא פרוכט פֿון לאנגע, שווערע ערפֿאהרונגען, פון לאנגע בעטראכטונגען איבער דאס לעבען פון טהיערע, וועלכע לעבען אין געזעלשאפטען. דיזעס געפיהל איז בי זיי געווארען צור געוואהנהייט, ווייל אהן דיזען פרינציפּ קען קיין געזעלשאפט ניט בעשטעהן און קיין שום טהיער וואלט ניט געווען אימשטאנד צו בעקעמפּפען אלע שוויעריגקייטען, וואס דיא נאטור לייגט איהר אין וועג.

דיזער פרינציפּ מוז ווערען א געוואהנהייט ביי דעם ציוויליזירטען מענשען.

וויא אזוי מען קען עס מאכען אין דעם צושטאנד, אין וועלכען דיא מענשליכע געזעלשאפט געפינט זיך יעצט און אויב מען קען עס אמווענדען, וועלען מיר זעהן אין נעכסטען קאפיטעל.

# IV.

דיא אידעע פון א גוטע טהאט און א שלעכטע טהאט ליעגט אין כאראקטער פון׳ם מענשען. אויף וועלכער שטופע פון ענטוויקלונג זיין פערשטאנד זאל זיך נים געפינען; וויא פעררונקעלט און פערדומט זיינע אינטעלעקטועלע קרעפטען זאלען נים זיין פון אבערגלויבען אדער פערזענליכען אינטערעס — שטענדיג און אונפערענדערליך בלייבט אין איהם דאס געפיהל, דיא אידעע, אז דאס, וואס איז נוצליך פאר דיא געזעלשאפט, אין וועלכער ער לעבט, איז א גוטע טהאט און דאס, וואס קען שארען דער געזעלשאפט, איז א שלעכטע טהאט.

פון וואנען קומט אבער צום מענשען דיעזעס געפיהל, דיעזע אידעע? נאך מעהר, מיר זעהען מיליאנען מענשען, וואס האבען א זעהר שוואכען בעגריף פון דער מענשהייט; זיי ווייסען פון נוצען און שארען נור צו זייער פאלק, צו זייער שבט, שטאמם, אדער נור צו זייער פאמיליע. וויא אזוי קען מען מאכען, אז דיעזע מענשען זאלען בעסער פערשטעהן דיא אידעע פון נוצען און שארען פאר דיא גאנצע מענשהייט? וויא אזוי קען מען זיי ארויסרייסען פון דעם ענגען, ניעדעריגען עגאאיזמוס פון אינדיווידואליטעט און זיי איינפליעסען דאס געפיהל פון סאלידאריטעט מיט אלע מענשען?

דיעזע פֿראגען האבען בעשעפֿטיגט אלע דענ־קער פון אלע צייטען; זיי בעשעפטיגען זיי אויך יעצט. מיר ווילען ואגען אונזער מיינונג און פאר־ענטפערן דיעזע פֿראגען פון אונזער געזיכטספונקט. מיר בעמערקען דאביי, אז אונזערע ערקלערונג קען זיין ניט ריכטיג. מעגליך, אז מיר האבען א טעות; מעגליך, אז אונזערע ערקלערונג איז ניט דער וואהר־הייט געמעס. דיא פאקטען בלייבען אבער דאך דיזעלביג. דיא אידעע ענדערט זיך דאך ניט. מיר וויסען, צ. בש. אז דיא פלאנעטען, און דארונטער אויך אונזער ערד, דרייען זיך ארום דיא זון. מיר ווילען דיעזע פאקטען ערקלערן און זאגען דאריבער אונזער מיינונג. אויב מיר ערקלערן עס ריכטיג, אדער ניט, בלייבט זיך גאנץ גלייך. דער פאקט ווערט דורך דיא אדער יענע ערקלערונג ניט געענ־דערט. דיא פלאנעטען דרייען זיך, דיא ערד בע־וועגט זיך און מיר בעוועגען זיך מיט דער ערד.

דאסועלבע איז מיט דער ערקלערונג פון מא־ראל. מיר האבען געוויסע פאקטען און געוויסע אידעען. מיר ווילען ערקלערן, געבען צו פארשטיין דיעזע אידעען. מיר קענען א טעות האבען אין אונזערע ערקלערונגען. מיר קענען איינינע בעגריפע ניט ריכטיג אויפפאסען, אבער דיא פאקטען, דיא גרונד אידעע ווערט דאדורך ניט געענדערט. זיא בלייבט שטענדיג דיזעלבע.

---

דיא רעליגיאן זאגט: דאס האט גאָט געהייסען

טאָהן, דערפאר איז עס גוט; דאס האט נאט ניט געהייסען טאהן, דערפאר איז עס שלעכט. אויב דאס איז נוצליך, אדער ניט, געהט איהר ניט אָן. דער מענש מוז טאָהן, וואס גאָט הייסט. דיזע פאלשע בעגריפע וויינען ניט אמאָל ווערטה, אז מען זאל זיי קריטיזירען. לאמיר ווייטער גיין.

דיא מאָראליסטען, וויא האבבס, זאגען: עס איז דאס געזעץ. דיא געזעצע האבען ענטוויקעלט אין דעם מענשען דאס געפיהל פון גערעכט און אונגערעכט, פון גוט און שלעכט. מענשען האבען פון דיא געזעצע געלערנט, אז דאס דארף מען טאהן און דאס דארף מען ניט טאהן. דיא געזעצע האבען געמאכט דעם מענשען מאָראליש.

יעדער דענקענדער מענש וועט לייכט איינזעהן, אז דיזע ערקלערונג איז גרונר פאלש. ניט דיא געזעצע האבען ענטוויקעלט אין מענשען דיא אידעע פון רעכט און אונרעכט, זאנדערן דיא אידעע פון נוצען און שארען ליעגט צום גרונר פון דיא געזעצע. דיזע אידעע האט געפיהרט צו מאכען געזעצע. דיא געזעצע האט בענוצט דיזע אידעע צו גונסטען פון איינינע געגען דיא מאסע; דיא געזעצע האבען אויסגעבייטעט דיזע אידעע צו פאלשע צוועקע; דיא געזעצע האבען דיזע נאָבלע אידעע פארדאָרבען אנשטאט זיא צו ענטוויקלען צום וואהל און בעסטען דער מענשהייט. דיא געזעצע האבען דיעזעס ערעלע געפיהל בעשרענקט, איינגעצוימט און שיער ניט פערניכטעט. לאמיר עס לאזען, עס איז

אויך ניט דער מיהע ווערטה דאראיבער פיעל צו רערען.

דיא אוטיליטאריער זאָגען, אז דער מענש טהוט גוטעס אדער שלעכטעס נור אויס דעם געפיהל פון נוצען אדער שאדען פאר זיך, פאר זיינע אינדיווי־דואליטעט. עטוואס וואהרהייט געפינט זיך אין דיזער ערקלערונג, גאנץ וואהר איז עס אבער דאָך ניט. מיר זעהען דאך מענשען, וואס טהוען גוטעס פאר זייער פאָלק, פאר זייער שטאט, פאר זייער פאמי־ליע. מיר געפינען דאך אין דעם מענשען א געפיהל פון סאָלידאריטעט מיט זיינע נעבענמענשען. לאָמיר לאָזען אויך דיעזע מיינונג.

---

וואונדערבאר! נור דיא דענקער פון׳ם 18טען יאהרהונדערט האבען געטראָפען דיא וואהרהייט, אדער ווענינסטענס זיינען געווען ניט ווייט פון דער וואהרהייט.

דער בעקאנטער פאָליטישער עקאָנאָם, אדאַם סמיטה איז געווען דער ערשטער, וועלכער האט ריכטיג געטראָפען, פון וואנען עס קומט צום מענשען דאס געפיהל, אדער דיא אידעע פון מאָראל. ער האט דער ערשטער געראטהען, פון וואנען דיעזעס געפיהל שטאַמט און וואס עס איז. אין 1759 האט ער אנגעשריבען א בוך: דיא טהעאָריע פון דעם מאָראלישען געפיהל. Theory of moral sentiments. דיעזעס בוך איז פיעל בעסער און שטייט פיעל העכ־ער, אלס זיין ווערק איבער פאָליטישע עקאָנאָמיע,

רערפֿאר אבער האבען עס דיא פפאפען פערבאָטען; ווי האבען עס ניט געלאָזט דרוקען און ביז אין דיא נייעסטע צייט איז עס ועהר וועניג מענשען בעקאנט געוועז.

דאס סמיטה ערקלערט אין דיעזעס בוך דיא מאָראל גאנץ איינפאך—אלס סימפאטהיע.

מיר זעהן, וויא איינער שלאגט א קינד. מיר וויסען, אז דעם קינד טהוט וועה, אז דאס קינד ליידעט: עס שרייט, עס וויינט. אונזער איינבילדונגס־קראפט שטעלט אונז פאר, וויא שרעקליך דאס קינד ליידעט. מיר מישען זיך אריין און לאזען ניט שלאָ־גען דאס קינד.

וואס מעהר דיא איינבילדונגס־קראפט פון א מענשען איז ענטוויקעלט, וואס מעהר דער מענש איז אויפגעקלערט, אלץ שטארקער פיהלט ער דעם שמערץ, וואס דער אנדערער ליידעט און אלץ שטארקער ווערט אין איהם דאס געפיהל צו פֿער־היטען, אז יענער זאל ניט ליידען, ניט צו דערלאָ־זען, אז יענער זאל ליידען. יעדעס מאל ווען ער זעהט, אז מען בעליידיגט איינעם, אז מען טהוט איינעם אונרעכט, קרענקט עס איהם, מארטערט עס איהם, צווינגט עס איהם צו פערטהיידיגען דעם, וואס מען בעליידיגט, אנצונעהמען זיך פאר דעם, וואס מען טהוט איהם אונרעכט.

צוביסלעכווייז, צוביסלעכווייז ווערט דיעזעס געפֿיהל, דיעזע סימפאטהיע צום אנדערן מענשען אווי ענטוויקעלט, אז עס ווערט צור געוואהנהייט.

מיט דיזע און פיעלע אנדערע גלענצענדע ביי־שפיעלע ערקלערט אראם סמיטה דעם געפיהל פון מאראל אלס פיזישע־נאטהווענדיגקייט, אלס נאטור געזעץ.

דער איינציגער פעהלער פון אראם סמיטה איז, וואס ער האט ניט פערשטאנען, אז דיזער סימפאַטהיע געפיהל איז געוואָרען — געוואהנהייט און עקסיסטירט ביי דיא טהיערע אזוי גוט וויא ביים מענשען.

נאך מעהר, ווען מיר בעאבאכטען דאס לעבען פון דיא טהיערע, געפינען מיר ביי זיי א סאלידאַ־ריטעט, א צוזאמענהאלטען, וואס פארזעצט אונז אין שטוינען. דער אדלער צורייסט קליינע פייגעל און עסט זיי אויף; דער וואלף צורייסט קליינע חיות און עסט זיי אויף. מען האט אבער בעאבאכטעט, אז דער אדלער מיט'ן וואלף מאכען צוזאמען א יאגד אויף אן אנטילאפע (אזא מין חיה) דער יאגט זיא פון דער הויך און דער אנדערער יאגט זיא איף דער ערד, ביז זיא ווערט מיעד און זיי צורייסען זיא ביידע. דאגעגען האט מען ווידער בעאבאכטעט, וויא איינינע פייגעל פעראייניגען זיך מיט קליינערע חיות און ווארנען זיך איינער דעם אנדערן, גיבען זיך צייכענס, ווען דער שונא קומט.

אלזא, סאלידאריטעט, צוזאמענהאלטען, זיך העלפען איינער דעם אנדערן איז א געזעץ פון דער נאטור, א געזעץ, ווערכעס מאכט פערשיעדענע חיות גלייך אין דעם קאמפף געגען דיא פיינדליכע

אומשטענדע, מיט וועלכע זייער עקסיסטענץ איז אומגעבען. וואס מעהר ריזעס געפיהל פון סאלי־דאריטעט איז ענטוויקעלט אין אירגענד וועלכער געזעלשאפט — פון טהיערע אדער פון מענשען — אלץ מעהר ענטוויקעלט זיך דיא ענערגיע און דער מוטה אין דיא מיטגלידער פון דער געזעלשאפט, אלץ מעהר איז זיכער זייער פראגרעס. דאגעגען, וואס וועניגער ריזעס געפיהל איז ענטוויקעלט אין א געזעלשאפט — וואס וועניגער איינער איז זיכער, אז דער אנדערער וועט איהם העלפען און שטיצען, אלץ שוואכער ווערט דיא ענערגיע, דער מוטה זינקט און דיא געזעלשאפט געהט צו גרונד.

———

לאמיר זיך פארשטעלען, אז דיזעס געפיהל פון סאלידאריטעט האט זיך אין פערלויף פון טויזענדער יאהרען ענטוויקעלט אין דיא טהיערע, איז געווארען געוואהנהייט, איז איבערגאנגען פון איין דור צום אנדערען און מיר וועלען פארשטעהן, אז דיא מאראל איז ביי זיי אזא נאטהווענדינקייט, וויא עסען און טרינקען. דאס איז דיא קוועלע, דיא ערשטע אורזאכע פון מאראל. ווען מיר בעאבאכטען דיא טהיערע, ווען מיר קוקען זיך צו צו זייער לעבען — ניט וויא נייגיעריגע בורזשוא ,זאנדערן וויא פארשער, וויא געלערנטע — זעהן מיר ארויס, וויא איבעראל הערשט דער פרינציפ: בעהאנדעל יענעם אזוי, וויא דו ווילסט, אז מען זאל דיך בעהאנדלען; טוה

פאר יענעם דאס, וואס דו ווילסט, אז יענער זאל טאהן פאר דיר.

וואס מעהר מיר שטודירען דיא וועלט פון דיא טהיערע; וואס מעהר מיר בעקענען זיך מיט זייער מאראל, אלץ מעהר קומען מיר צו דער איבערציי־גונג, אז דיזעס געפיהל פון סאלידאריטעט, פון צוזאמענהאלטען, פון העלפען און שטיצען איינער דעם אנדערן האט אין זייער ענטוויקעלונג געשפיעלט דיא גרעסטע ראָלע, איז איינע פון דיא נאטהווענ־דיגסטע בעדינגונגען פון זייער ענטוויקלונג.

## V.

דיעזע מאראל, דיזעס געפיהל פון סאלידא־ריטעט איז קיין מאל ניט אויסגעלאשען געווארען, האט קיין מאל ניט אויפגעהערט אין דער מענש־ליכען געזעלשאפט. אפילו אין דיא דונקעלסטע צייטען פון קנעכטשאפט און ערנידערונגען, ווען רויבזוכט, אויסבייטעריי און הערשזוכט ווילען אונ־טערדריקען דיזעס געפיהל, בלייבט ער דאך איינ־געוואָרצעלט אין דער מאסע און מען דארף זיא נור געבען איין שטויס, אום זיא זאל אויפשטעהן געגען איהרע אונטערדריקער. דיזער שטויס, דיזעס אויפוועקען פון דעם נאטורגעפיהל מאראל הייסט: רעוואלוציאן. אין דער גאנצער ענטוויקלונגס גע־שיכטע פון טהיערען און מענשען ציעהט זיך דיזע מאראל, וויא דער רויטער פאדים אין אלע שטריק פון דער ענגלישער פלאטע. אט איז ער, דאכט זיך, פערשוואונדען, מען זעהט איהם גאר ניט; דיא שטריק זיינען פערשמיערט, שווארץ געווארען, נרין געווארען פון לאנגען ליעגען אין וואסער. צו־שניידעט נור דעם שטריק און איהר געפינט אין דער מיט דעם רויטען פאדים. דער מענש קען ניט אראבווארפען פון זיך דיזעס געפיהל, ער זאל אפילו וועלען. עס איז אזא נאטורגעפיהל, וויא דער חוש הריח, אדער דער חוש המישוש.

דיא רעליגיאן לערנט אויך דיזעלבע מאראל. ויא זוכט אבער אויסצובייטען דיזעס געפיהל. ויא זוכט אויסצופוצען איהר סחורה מיט דער מאראל אום ויא בעסער צו פערקויפען און לייכטער אבצו־נארען דעם אונוויסענדען. ויא פרעדיגט דיא מא־ראל צו גונסטען פון'ם רייכען, פון'ם שטארקען, פון'ם ויעגער.

ווען מיר פערוואַרפען דיא רעליגיאן, דיא גע־זעצע, דיא אלע אלטע און פוילע פאָרמען, אין וועלכע מען האט איינגעוויקעלט דיא מאראל אום אונז אויסצובייטען, דאן בלייבט אונז איבער דיא ריינע מאראל, וואס האט זיך ענטוויקעלט אין מענ־שען, וויא אין דיא טהיערע זייט טויזענדער יאהרען.

אבלייקענען דעם מאראלישען פרינציפ דער־פאר, וואס דיא רעליגיאן און דיא געזעצע האבען איהם בענוצט צו זייערע צוועקע, איז וויעדעראום איין אונזין, גלייך וויא איך זאל זאגען, אז מען דארף זיך ניט וואשען, ווייל דער קאראן הייסט זיך אלע טאג וואשען; אז מען דארף עסען מיט טריי־כינין פארפעסטעטע שווייןפלייש, דערפאר וואס דער היגיעניסט משה האט פארבאָטען צו עסען שוויינפלייש.

וואס לערנט אונז דיא מאָראל, וואס זאגט: „בעהאנדעל יענעם אזוי, וויא דו ווילסט, אז מען זאל דיך בעהאנדלען?“ ויא לערנט אונז דיא פאָל־

שטענדיגע גלייכהייט, דעם גרונד פּרינציפּ פון אנארכיזמוס. דער אנארכיסט וויל ניט, אז מען זאל איבער איהם הערשען. הייסט דען דאס ניט, אז ער וויל איבער קיינעם ניט הערשען? מיר ווילען ניט זיין אבגענארט, מיר ווילען, אז מען זאל אונז שטענדיג זאגען דיא וואהרהייט און מיר זאגען יענעם דיא וואהרהייט; מיר ווילען ניט, אז מען זאל ביי אונז אוועקרויבען דיא פּרוכט פון אונזער ארבייט, דערמיט דערקלערען מיר, אז מיר ווילען ניט צו־נעהמען ביי יענעם דיא פּרוכט פון זיין ארבייט.

דיא פאלשטענדיגע גלייכהייט אין דער טהיער וועלט און דיא פּאָלגע דערפון, דיא סאלידאריטעט, איז דיא מעכטיגסטע וואַפע, מיט וועלכע זיי קעמפּ־פען פאר זייער עקסיסטענץ: גלייכהייט איז גע־רעכטיגקייט.

מיר זיינען אנארכיסטען. מיר דערקלערען, אז מיר ווילען, אז אנדערע זאלען אונז בעהאנדלען, גלייך, וויא זיי ווילען, אז מיר זאלען זיי בעהאנד־לען; פאָלגליך, ווילען מיר בעהאנדלען אנדערע אזוי, וויא מיר ווילען, אז זיי זאלען אונז בעהאנד־לען. מען זאל גענען אונז קיין געוואלד ניט גע־ברויכען, קיין פאלשקייט, קיין בעטרוג, קיין שווינ־דעל, אזוי וויא מיר ווילען גענען אנדערע ניט גע־ברויכען קיין בעטרוג, קיין שווינדעל. גלייכהייט — גערעכטיגקייט דאס איז אנארכיזמוס. מיר ערקלערן קריעג ניט נור דיא דריי איינינקייט פון: געזעץ, רעליגיאן און אויטאריטעט, זאנדער אלעס, וואס

אין פאלש, אלעס וואס איז אונגערעכט, אלעס וואס איז פערדאָרבען, אלעס וואס איז ניט גלייך.

———

איינינע ווערען אונז פרעגען: וויא באלד אז יענער זאל אייך בעהאנדלען אזוי, וויא ער אליין וויל בעהאַנדעלט ווערען, טא פֿאר וואס געברויכט איהר געוואלד? פֿאר וואס בענוצט איהר דינאמיט און באָמבען? פאר וואס האט איהר דערהרגעט אלעקסאנדער II? וואלט איהר דען געוואלט, אז מען זאל אייך אזוי בעהאנדלען?

אונזער ענטפער איז איינפֿאך; יא! לאז מען אונז דערהרגענען, ווען מיר וועלען ווערן איסבייטער און אונטערדריקער. מיר זאגען אונזערע קינדער: אין דעם טאג, וואס איך וועל ווערן אן אויסבייטער, א בעטריעגער, טייטע מיך אהן רחמנות! יא, טייטעט אונז, שיעסט אונז, הייננט אונז, ווען מיר וועלען געהן בערויבען דיא זולוס אדער דיא אינדיאנער אין אמעריקא. פערניכטעט אונז מיט באָמבעס, מיט דינאמיט, ווען מיר וועלען בערויבען און אונטערדריקען ארימע ארבייטער.

———

אַ פּאָלנישער דאקטאָר, אַ גרויסער געלערנטער און א נאָבלער כאראקטער, וועלכען דיא רוסישע טיראנייע האט פארשיקט קיין אירקוטסק, איז אמאל געביסען געווארען פון א משוגענעם הונד. ער האט צונעברענט דיא וואונד און האט געמיינט, אז זיא וועט זיך פארהיילען. אין עטליכע וואָכען ארום

האט ער בעמערקט, אז דאס אָרט, וואו דער ביס איז געווען, האט אנגעהויבען צו שוועלען. אלס דאקטאר האט ער פערשטאנען, וואס דאס איז. ער איז צוגעלאָפען צו זיינעם א פריינד, אויך אַ דאקטאָר און האט איהם געזאגט: — גיב מיר גיפט, שנעל! זעהסט דו, וויא מיין האַנד איז אנגעשוואָלען? מיין בלוט איז פערגיפטעט, אין אַ פאר שעה ארום וועל איך ווערען משוגע, איך וועל בייסען, איך וועל שאדען מענשען, גיב מיר בעסער שוין א ביסעל סטריכנין און איך וועל באלד שטארבען.

ער האט געפיהלט, אז ער ווערט א שלאנג, ער האט געבעטען מען זאל איהם טייטען.

דער אנדערער דאָקטאָר האט אבער גערעכענט, אז מען קען נאך העלפען, ער האט איהם געגעבען פערשידענע מיטלען. עס האט אבער קיין זאַך ניט געהאָלפען. ער איז געווארען משוגע, מען האט איהם געמוזט בינדען. אין דיא מינוטען וואס איז איהם געווארען לייכטער, האט ער עטליכע מאל ווייטער געבעטען, מען זאל איהם געבען גיפט. מען האט איהם אבער ניט געגעבען און ער איז גע־שטארבען אין שרעקליכע שמערצען.

מיר וואלטען געקענט ברענגען טויזענדע אזעל־כע פאַקטען, וועלכע בעווייזען, אז דער ערהליכער מענש, וויל בעסער שטארבען, איידער צו ווערען אַ געפאהר און אַ שאדען פאר אנדערע מענשען.

אויס דערזעלבער אורזאכע מיינען מיר דעם

טיראן און זיינען ויכער, אז אנדערע וואלטען איהם אויך געטייטעט, ווייל ער שארעט דער געזעל־שאפט.

סאפיא פעראווסקאיא און איהרע פריינדע האבען געטייטעט אלעקסאנדער דעם II. די מענש־הייט אים אלגעמיין איז געגען בלוט פערגיסונגען; די מענשהייט האט זאגאר מיטלייד געהאט מיט'ן צאַר, וועלכער האט בעפרייט די רוסישע מוזשיקעס פון שקלאפעריי — דענאך האט די מענשהייט סימפאטיזירט מיט די ניהיליסטען.

פאר וואס? ניט ווייל זיא האט אויס געפונען אז דער טויט פון אלעקסאנדער דעם II איז געוועזן ניצליך, זאנדערן ווייל זיא ווייס, אז סאפיא פעראוו־סקאיא מיט איהרע פריינד האבען עס געטאהן ניט אום רייך צו ווערן פון דעם מארר; זיי האבען עס געטאהן ניט אום צו בעקומען מאכט און צו הערשען — ניין, סאפיא פעראווסקאיא און די ניהיליסטען וואלטען פאר קיין זאך אין דער וועלט ניט געוואָרען טיראנען — זיי האבען עס געטאהן אויס האס צו א טיראן — אן אונטערדריקער פון מענשען — אויס האס, וועלכער געהט ביז צו זעלבסט פֿערא־טונג, ביז אין טויט.

זיי האבען געהאט דאס רעכט צו טייטען, האט מען אויף זיי געזאגט, אזוי וויא מען האט געזאגט אויף לואיזע מישעל: „זיא האט דאס רעכט צו רויבען"; ארער וויא מען האט געזאגט אויף די ניהיליסטען, וועלכע האבען געלעבט

מיט טרוקענעם ברויט, האבען געליטען הונגער און נויטה, ווען זיי האבען אונטערגעגראָבען דאס שאצ־אמט (קאזנאטשייסטווא) אין קישינאוו, אום צו פערווענדען דאס געלד אויף פראפאגאנדא:

— זיי האבען געהאט דאס רעכט צו גנבנען. אין אזעלכע פעלע איז געוואַלט — רעכט; אין אזעלכע פעלע איז דער געברויך פון דינאמיט און באָמבעס — מאָראליש.

———

מיר האבען געזעהן ביז אהער פון זאכען וואס דער מענש טהוט בעוואוסט, איבערלעגט, בעקלערט. עס זיינען אבער דא פיעלע זאכען, וואס דער מענש טהוט אונבעוואוסט.

מיר האבען נעכטען אליין ארויסגענומען דיא קנעפּלעך פון אונזער העמד. מיר שטעהען אויף אין דער פריה און זוכען מיט דער האנד דיא קנעפלעך. מיר טהוען עס אונבעוואוסט, מעכאניש, וויא א מאשין. דאס איז נור א ביישפיעל פון איין אונבעוואוסטע טהאט, אבער אונזער גאנצעס לעבען, אונזער רעדען, אונזער לאכען, אונזער בייזווערען, אונזער קנייטשען מיט דיא ברעמען — אלעס טהוען מיר אונבעוואוסט. מיר האבען עס א ירושה פון אונזערע עלטערן — וואס זיי זיינען דארט געווען, מענשען אדער אפען. — בעטראכט דעם מענשען, ווען ער ווערט אין כעס און דיא

חיה, ווען זיא ווערט בייז און איהר וועט געפינען צווישעןביירען זעהר פיעל עהנליכקייט.

דיא בעציהונגען צווישען איין מענשען צום אנדערן ווערט אויך מיט דער צייט א געוואָנהייט און דער מענש, וואס האָט זיך צוגעאייגענט פיעלע מאראלישע געוואהנהייטען, שטעהט געוויס פיעל העכער, אלס דער פרומער צבוע׳יאק, וועלכער טהוט א גוטע זאך דער פאר, וואס ער וויל האבען א שטיק גן ערן.

טאהן פאר יענעם דיא זאכען וואס איך וויל, אז יענער זאל טאהן פאר מיר, ווערט ביים מענשען, וויא ביי דיא חיות א געוואנהייט. דער אמת מאָראלישער מענש קלערט גאר גיט, ער לעגט זיך ניט איבער: זאל איך עס טאהן פאַר יענעם, אדער ניט? — ער טהוט עס, ווייל ער איז אזוי געוואינט. ער מוז עס טאהן, אזוי וויא ער מוז לאכען, ווען יענער זאגט א וויץ.

---

דיא רעליגיאן וויל מיט געוואלד מאכען דעם מענשען מאראליש. זיא דראהעט איהם מיט א גיהנם און דאדורך מאכט זיא איהם אונמאָראליש. דאס געזעץ זאגט: זיי מאראליש, און אז ניט, וועט מען דיך ארעסטירען, מען וועט דיך שמייסען, מען וועט דיך שלאגען. דאס געזעץ מאכט דעם מענשען אונמאָראליש. דאס זעהען מיר אין דער היינטיגער געזעלשאפט.

מיר אבער זאגען: „טוה וואס דו ווילכט, טוה

וויא אזוי דו ווילסט. קוק ניט אויף קיין אויטאָריטעט, האב פאר קיין זאך קיין מורא ניט, קיינער קען דיך ניט צווינגען, קיינער קען דיר ניט הייסען, ווייל מיר ויינען איבערצייגט, אז וואס מעהר דיא מענשען וועלען ווערען אויפגעקלערט, וואס מעהר זיי וועלען פון זיך אראפוואַרפען דיא אלטע קייטען, אליין מעהר וועלען זיי האנדלען און טאהן נאר ראס, וואס איז ניצליך פאר דיא געזעלשאפט. מיר קענען העכסטענס אן עצה געבען, מיר קענען זאגען איינעם: מיר גיבען דיר אן עצה, זאלסט אזוי און אזוי טאהן. געפינכסטו עס פאר גוט, טוה עס. מיר זעהן, איינער זיצט איינגעבויגען, דיא ברוסט געבויגען און דיא לונגען ווערען צוזאמען געפרעסט. מיר גיבען איהם אן עצה, ער זאל האלטען דיא קאפּ אין דער הויך און דיא ברוסט גלייך, ווייל דיא ערפאהרונג האט אונז געלערנט, אז דערמיט מיידען מיר אויס דיא שווינדזוכט. מיר ערקלערען איהם דערווייל א ביסעל מעדיצין און גיבען איהם צו פערשטעהן, אז אזוי איז בעסער. דאס זעלבע טוהען מיר מיט דער מאראל. מיר געבען דעם מענשען אן עצה און זאגען איהם: מיה אזוי, אויב דוא פערשטעהסט, אז אזוי איז גוט.

מיר לאזען יעדען טאהן, וואס ער וויל. מיר זאגען, אז דיא געזעלשאפט האט ניט קיין רעכט צו בעשטראפען איינעם פאַרוואס ער טוהט ניט אזוי, וויא ער וואלט געדארפט טאהן, אבער מיר קענען זיך ניט אבזאגען פון אונזער נאטור — צו

ליעבען דעם יעניגען, וואס טהוט דאס, וואס מיר געפינען פאר שלעכט, דאַס איז גענוג פאר דיא טהיערע, וואס לעבען אין געזעלשאַפֿטען, און וועט אויך געוויס גענוג זיין פאר פערנינפטיגע מענשען.

מיר פארדערן נור איין זאך: צו ענטפערנען, אוועקצו נעהמען פון דער מענשליכער געזעלשאפט אלעס, וואס לאזט איהר ניט זיך פריי ענטוויקלען, אלעס, וואס לאזט איהר ניט זיין מאראליש: דער שטאאט, דיא רעליגיאן, דיא אויסבייטעריי, דער הערשער, דער פריעסטער, דער ריכטער, דער קאפיטאל און דער אויסבייטער.

---

מיר זעהן א דזשייק דהי ריפער, וועלכער האט אויף א שוידערהאפטען ארט צו שניטען 10 אונגליק־ליכע פרויען, וועלכע שטעהן מאראליש פיעל העכער אלס פיעלע בורזשוא־פרויען פֿון אונזער געזעל־שאפט. אונזער ערשטעס געפיהל געגען איהם איז האַס. ווען מיר זאלען איהם געוועזן האפען אין דעם טאג, ווען ער האט דאס לעצטע מאל אויפגעשניטען דעם בויך פון אן אונגליקליכער פֿרוי אין ווהייטשע־פעל, וואלטען מיר איהם געוויס געוועזן צוריסען אויף שטיקער.

ווען מיר בארעכענען אבער, אז עס זיינען גע־וויס געוועזן געוויסע אומשטענדע, וואס האבען א'הם געבראכט דערצו; ווען מיר איבערלייגען זיך, אז ער איז ניט מעהר, וויא א פראדוקט פון דער

געזעלשאפט, אין וועלכער מיר לעבען, און וועלכע האט פון איהם געמאכט דאס, וואס ער איז; ווען מיר גיבען א קוק טיעף אין זיינע געדאנקען, אין זיינע טרוימע, אין דעם קאמפף, וואס ער מוז דורכמאכען, איידער ער בעגעהט זיינע בלוטיגע טהאַטען.—ערוועקט זיך אין אונז אנאנדער געפיהל. אונזער האס צו איהם געהט איבער אויף דיא אומ־שטענדע, וואס האבען פון איהם געמאכט דאס, וואס ער איז; מיר פערדאמען דיא געזעלשאפט, וואס האט געקענט פראדוצירען אזא דושייק דהי ריפער.

ווען מיר זאלען איהם זעהן שטעהן פאר א ריכטער, וועלכער האט איבערלייגט, קאלטבלוטיג שוין פעראורטהיילט הונדערטער מענשען צום טויט, אדער צו אייביגער געפענגניס, וועט אונזער האס איבערגעהן צו דעם ריכטער, צו דעם פערטרעטער פון דער געזעלשאפט, וועלכער בעגעהט פיעל גרעסערע פארברעכען אים נאמען דעס געזעצעס, אים נאמען דער ארדנונג.

———

אבער ניט נור געגען דושייק דהי ריפער האבען מיר א ראפפעלעס געפיהל, זאנדערן געגען אלעס, וואס איז ארום אונז האבען מיר דאכזועלבע דאָפעל געפיהל. מיר וואגען ניט צו האסען אן איכסבייטער, ווארום מיר ווייסען, אז דיא געזעלשאפט שטעלט איהם פאַר דאס רעכט איבצוביימען. ער טהוט

דאס, וואס דיא געזעלשאפט זאגט איהם: ער מעג עס טאהן.

דיא מענשליכע נאטור ווערט פערדארבען, ער־נידעריגט אין אזא געזעלשאפט. קענען מיר איהם אבער ליעבען? געוויס ניט.

קוים בעפרייען מיר זיך אבער פון דער קנעכט־שאפט פון דיזער געזעלשאפט; קוים זיינען מיר אבער אום שטאנד צוריק מענשען צו ווערען, ער־ווערבען מיר אונז ווידער אונזערע רעכטע צו ליעבען און צו האסען.

---

מיר קומען יעצט צו אזעלכע מאראלישע טהא־טען, וואס מיר טהוען אונבעוואוסט. מיר בעוואונ־דערן, ווען איינער בעווייזט א בריהשאפט, ווען איינער בעווייזט מוטה און ענערגיע. איינער ווארפט זיך אריין אין וואסער און רעטעט מענשען. מיר שטעהן דערביי און קענען זיך ניט איינהאלטען אויסצורופען: בראווא! דאס איז גוט! דאס איז שעהן! אונזערע בעוועגונגען, אונזערע בליקען, אונזער מינע, דיא מוסקולען פון אונזער געזיכט דריקען אויס פרייד, פערגניגען, ווען מיר זעהען איינער טהוט דאס, וואס בריינגט נוצען דער מענש־הייט. עבענזא גאנץ אונבעוואוסט דריקען מיר אויס אונזער האס, אונזער פעראכטונג דעם, וואס טהוט שלעכטעס פאר דיא געזעלשאפט.

ביי דעם געגענווערטיגען צושטאנד פון דער געזעלשאפט זיינען מיר אפטמאל געצוואונגען צו

פארבערגען, צו פארדעקען אונזערע געפיהלע. מיר פיהלען דיא טיעפסטע פעראכטונג צו איינעם, וואס טהוט שלעכטעס דער געזעלשאפט. מיר קענען אבער ניט ארויסווייזען אונזערע געפיהלע, מיר קע־נען איהם ניט צייגען עפענטליך, וואס פאר א טיע־פע פעראכטונג מיר פיהלען צו איהם, וויא וויים מיר פעררואמען איהם. מיר ווינען זעהר אָפט גע־צוואונגען צו זיין היפּאָקריטען, שארלאטאנעס.

קוים אבער וועט הערשען אין דער געזעל־שאפט פאלשטענדיגע גלייכהייט, פאלשטענדיגע פרייהייט; קוים וועט ניט זיין ניט קיין ריכטער, ניט קיין פריעסטער, ניט קיין דרוק, ניט קיין צוואנג, וועלען מיר אונזערע געפיהלע פריי קענען ארויס ווייזען. דאמאלס וועט דיא מאראל אויפהערן צו זיין א לעהרע, זיא וועט זיין דיא גאנץ איינפאכע און געוועהנליכע פערהעלטניסע צווישען איין מענ־שען און דעם אנדערן.

דאמאלס ערשט וועט זיך אין דער מענשליכען געזעלשאפט ענטוויקלען אזא הויכע שטופע פון מאראל, וועלכע זיא האט נאך קיין מאל ניט דער־גרייכט ביז אהער, וויא מיר וועלען עס בעווייזען אין פאלגענדען קאפיטעל.



# VI.

---

ביז אהער האבען מיר ערקלערט דיא איינפאכע פּרינציפּען פון גלייכהייט. מיר קעמפּפען און וועקען אויף אנדערע צו קעמפּפען געגען דיא מענשען, וועלכע נעהמען זיך דאס רעכט צו בעהאנדלען, אנדערע ניט אזוי, וויא זיי וואלטען געוואלט, אז מען זאל זיי בעהאנדלען. מיר רעבעלירען געגען דיא יעניגע, וועלכע ווילען ניט, אז מען זאל זיי בעטריגען, אז מען זאל זיי עקספּלאאַטירען, מען זאל זיי אויסבייטען, מען זאל זיי ברוטאל בעהאנדלען. אליין אבער טהוען זיי עס געגען אנדערע.

דאס בעטריגען, דיא עקספּלאאַטאציאָן, דיא ברוטאלע בעהאנדלונג פון מענשען זיינען שלעכט ניט דערפאר, וואס אזוי איז אנגעשריעבען אין דיא ביכער פון מאראל, ואנדערן זיי זיינען שלעכט, אבשייליך און ווערטה, מען זאל זיי פערדאמען, ווייל זיי זיינען געגען דיא פּרינציפּען פון גלייכהייט. קוים איז דער אנדערער גלייך מיט מיר, מוז איך יענעם בעהאנדלען אזוי, וויא איך וויל ער זאל מיך בעהאנדלען.

דיעזער זא איינפאכער, זא פערשטענדליכער פּרינציפּ פון פאלשטענדיגע גלייכהייט איז שוין א פיעל העכערע שטופע פון מאראל, אלס דיא גאנצע מאראל, וואס איז אנגעשריעבען אין ביכער.

אבער עטוואס נאך העכערעס, נאך עדלערעס לערנט אונז דיעזער פרינציפ פון פאלשטענדיגע גלייכהייט — רעספעקט פאר דעם אינדיווידואום. דיא אנארכיסטישע מאראל פארדערט פאלשטענ־דיגע גלייכהייט פֿאר יעדען איינציגען. מיר ווילען קיין שום מענשען ניט צווינגען אים נאמען פון מא־יאריטעט, מעהרהייט, אדער אים נאמען פון אווא־סער עס איז אידעאל. מיר זאגען, אז קיינער האט קיין רעכט ניט אויפצודריינגען דעם אנדערן זיין אידעאל, וויא גוט דער אידעאל זאל ניט זיין: יעדער איינציגער האט דיא פאלשטענדיגע פרייהייט. מיר ווילען, אז יעדער איינציגער זאל זיך פאלשטענ־דיג פריי ענטוויקלען, וויא ער וויל. מיר ווילען ניט מאכען דעם מענשען פאר א גייסטיגע קאליקע.

—„לאזט דעם מענשען פריי זיין — זאגט דער פראנצויזישער געלערנטער פ ו ר ר י ע — מאכט ניט פון איהם א מאראלישע קאליקע. דיא רעליגיאן האט געוואלט איינהאלטען דעם מענשען, זיא האט איהם געוואלט אויפרדענגען איהרע אידעאלען און זיא האט איהם געמאכט מאראליש פערדארבען. זיא האט געמאכט פון איהם א מאראלישע קאַליקע. דארום לאזט דעם מענשען זיין פ א ל ש ט ע נ ד י ג פֿריי, האט קיין מורא ניט פאר זיינע ליידענשאפ־טען, אין א פרייע געזעלשאפט זיינען דיא ליידענ־שאפטען ניט געפעהרליך“.

זא לאנג איהר וועט זיך האלטען אן אייערע פרייהייט, זא לאנג איהר וועט זיך ניט לאזען פֿאר־

הנעכטען פון אנאנדערן; זא לאנג, וויא איהר וועט געגען איינעמ'ס אנטי־סאציאלע ליידענשאפטען, קענען ענטגעגענשטעלען אייערע סאציאלע לייידענשאפטען, אייער הייסע ליעבע צור מענשהייט, האט איהר פאר קיין שום זאך ניט וואס מורא צו האבען.

———

מיר ווילען קיינעם ניט צווינגען, מיר ווילען קיינעם ניט ארויפריינגען, וואס פאר א אידעאל עס איז. מיר ווילען נור פריי און עפענטליך אויסדריקען אונזער סימפאטהיע דעם, וואס טהוט גוטעס פאר דיא געזעלשאפט און אונזער אנטיפאטהיע, אונזער פעראכטונג דעם, וואס טהוט שלעכטעס פאר דיא געזעלשאפט. דער און דער איז א ליעגנער, א בעטריגער. דאס איז זיין כאראקטער, ארער ער וויל אזוי. גוט! אונזער כאראקטער, אונזער ווילען איז צו פעראכטען דעם ליגנער, דעם בעטריגער.

דאס זיינען דיא פרינציפען פון גלייכהייט, וועלכע דיא מאראל לערנט אונז. אבער דיעזע פרינציפען זיינען פאר אונז נאך ניט גענוג. ווען דיא געזעלשאפט זאל זיך האלטען נור ביי דיזע פרינציפען; ווען דיא מענשען זאלען זיך האלטען נור ביי דיזע סוחרישע גלייכהייט: צו געבען אזוי פיעל, וויא פיעל איך נעהם; צו בעהאנדלען יענעם אזוי, וויא ער בעהאנדעלט מיך. — וואלט דיא געזעלשאפט געווען מאראליש טויט. דיא גלייכהייט וואלט באלד פערשוואונדען און דיא געזעלשאפט

וואלט זיך צוריק געקעהרט צו דער אונגלייכהייט, וועלכע הערשט יעצט. עס מוז זיין עפּעס בע־סערס, עפּעס העכערס, עפּעס עדלערעס, וואס זאל אויפהאלטען דיא געזעלשאפט. און עס איז טאקע דאָ.

---

אין אלע צייטען, אונטער אלע אומשטענדען האבען זיך געפונען מענשען, וועלכע האבען גע־האט אין זיך אזא רייכען אוצר פון מוטה, ענערגיע, ליעבע און א שטארקען ווילען צו דיענען דיא מענשהייט, אז זיי האבען געטאהן פאר דיא מענש־הייט אלעס און האבען דאפיר גאר נישט געפאָ־דערט.

דיעזען רייכען אוצר פון ענערגיע, ליעבע און ערגעבענהייט געפינען מיר אונטער פערשיעדענע פארמען. איינער זוכט דיא וואהרהייט. ער זאגט זיך אב פון אלע פערגניגען, דערוויטערט זיך פון דער וועלט און האלט נור אין איין דענקען, קלע־רען און זוכען דיא וואהרהייט. ער קוקט ניט אויף דיא אומוויסענדע, ארער טויגעניכטסע, וואס שטעהן איהם אין וועג; ער געהט זיך זיין וועג, ארבייט אזוי לאנג, ביז ער געפינט אויס א נייע סיכטעם. דער אנדערער איז אן ערפינדער. ער עסט ניט, טרינקט ניט, שלאפט ניט, שניצט, בויט, זעגט, היבעלט, פיילט און בויערט, ביז ער געפינט עפּעס אויס — א נייע מאַשין, א נייע קראפט, וואס קען מאכען אן אומענדערונג אין דער גאנצער וועלט

דער דריטער איז א רעוואלוציאנער, אן אגיטאטאר. ער זאגט זיך אב פון דער קונסט, פון דער וויסענשאפט; ער ווייס ניט פון דיא פריידען פון'ם לעבען; איהם בעשעפטיגט נור איין אידעע: ער זעהט מענשען ליידען און ער וויל זיי העלפען.

דא זעהט איהר א יונגען מאן, וועלכער איז בעגייסטערט פון דער אידעע פון פאטריאָטיזמוס, וועלכעס זיינע לעהרער און ערציעהר האבען איהם איינגעפלייסט. ער טרעט אריין אין דער ארמעע, קעמפפט פיר זיין אידעאל און פאלט געטראפען פון א פיינדליכער קוגעל. דארט זעהט מען א פאריזער לויפער, א שטראסענ־יונגע, וועלכער איז בעגייסטערט פון דער אידעע פון פרייהייט און גלייכהייט. ער לויפט קעמפפען מיט'ן פראלעטאריאט אויף דיא באריקאדען, הערט ניט דיא קוגעלן און באָמבען, וועלכע רוישען ארום איהם; ער פאלט געטראפען פון א טויטליכע קויל, און שטארבענדיג רופט ער אויס: עס לעבע דיא קאמונע! דארט ווייטער זעהט איהר איינעם, וועלכער קען ניט איבער טראגען דיא טיראניי. אלע ארום איהם בייגען זייערע קעפ און טראגען איבער אלעס שטילערהייט. ער אבער קען זיך ניט איינהאלטען. ער טרעט ארויס, רייסט אראב דיא מאסקע פון'ם טיראן, שיעסט איהם, און פערליערט דאביי זיין לעבען.

אין אלע דערגלייכען פעלע זעהן מיר מענשען, וועלכע זיינען אזוי איבערגעבען צו זייער אידעאל, אזוי בעגייסטערט פון זייער אידעע, אזוי הינגעריסע

פון וייערע שטרעבונגען, אז זיי אכטען אויף גאר נישט, קוקען אויף גאר נישט, ביז זיי דערגרייכען וייער ציעל. עס מעג זיי קאסטען אלעס, עס מעג זיי קאסטען דאס לעבען, זיי שטרעבען פארווערטס. בעזאנדערס צייכענען זיך אויס אין דיזער בעציהונג דיא פרויען. קוים אין א פרוי בעגייסטערט פון א אידעע, הערט זיא, אויף קיין שום זאך ניט, איהר לעבען האט ביי איהר קיין ווערטה ניט, זיא מוז דערגרייכען איהר ציעל.

דיזע ערעלע מענער, דיזע האכהערציגע פרויען בילדען פיר דיא מענשהייט א נייעס פעלד, א נייען באָדען; זיי טראגען אויף וייערע פלייצעס דעם פראגרעס. דיא מענשהייט וויס עס, דיא מענשהייט פיהלט עס. זיא עהרט זיי, זיא פארגעטערט זיי, זיא גיט איבער וייער אנדענקען פון דור צו דור; זיא מאכט פון וייער לעבען ערצעהלונגען, ראמאנען און ליעדער; זיא פארשענערט וייער לעבען, פארגרעסערט וייערע טהאטען און אין זיי דאנקבאר. זיא קען ניט פארגעסען וייער אונענדליכע ליעבע וייער גרענצלאזע ערגעבענהייט.

אט אזעלכע מענשען לערנען אונז דיא אמת'ע מאראל, דיא איינציגע, וואס פארדיענט דעם נאמען מאראל. אלע אנדערע פארמען פון מאראל זיינען נור דיא געוועהנליכע, נאטירליכע פערהעלטניסע צווישען איין מענשען און דעם אנדערן, וויא מיר האבען עס פריהער ערקלערט. אה, דיזע אונענדליכע ליעבע, אהן דעם מוטה און ענערגיע,

אהן דיזע אונגעהייערע ערגעבענהייט פֿון אזעלכע מענשען, וואלט די מענשהייט פערגרעבט און פערווילדעט געווארען.

דיזע ערעלע מענשען פארבערייטען, בעשאפען די מאראל פון דער צוקונפֿט, ווען די מענשליכע געזעלשאפט וועט זיך געפינען אויף אזא הויכע שטופע, אז מען וועט זיך אויפֿהערן צו רעכענען, וואס איך האב געטאהן, און וואס מען האט פאר מיר געטאהן; ווען אונזערע קינדער וועלען אויפ־וואקסען מיט דער אידעע, אז אונזער קראפט און אונזער ענערגיע דארף פערווענדעט ווערן דארט, וואו עס איז נוצליך.

---

אזעלכע ואַנדערבארע מענשען האבען עקסיס־טירט אין אלע צייטען. מען געפינט זיי אין די עלטסטע צייטען פון דער מענשליכער געשיכטע. אבער וואונדערבאר! צווישען די טהיערע, וועלכע לעבען אין געזעלשאפטען, געפינען זיך אויך אזעל־כע עקזעמפלארען.

די רעליגיאנען האבען געזיאוסט אויסצובייטען אזעלכע מענשען; זיי האבען געוואוסט, זיי אויס־צונוצען צו זייערע צוועקע. נור דורך דעם אונגע־הייערן מוטה און ענערגיע פון אזעלכע מענשען; נור דורך זייער אונענדליכער ליעבע און ערגעבענ־הייט האבען זיך די רעליגיאנען געקענט ערהאל־טען ביז אויף היינטיגען טאג. נור אזעלכע מענשען

האבען מיר צו פערדאנקען דיא סאציאליסטישע לעהרען און דיא רעוואלוציאנערע אגיטאציאן.

פון וואנען נעהמען זיך אזעלכע מענשען? וואס איז דיא אורזאכע פון זייער זעלטענער ליעבע און ערגעבענהייט צו זייער אידעאל? איין יעדער ערקלערט עס אויף זיין אַרט. דיא בעסטע ערקלע־רונג גיט דער געלערנטער גיאָ. ער זאגט, אז דאס איז דער איבערפלוס פון קראפט. דיעזע מענשען האבען אין זיך אזא גרויסע קראפט, אז זיי מוזען עס פערברייטען, זיי מוזען עס ארויסגעבען. ווען מען פיהלט, אז מען איז פעהיג עפּעס צו טאהן, אז מען האט דיא קראפט עפּעס צו טאהן, מוז מען עס טאהן.

יעדע קראפט, וואס זאמעלט זיך אן אין איין אָרט, פּרעסט, דריקט, קוועטשט און—מוז ארויס. קענען עפּעס טאהן הייסט זיין פֿערפּפליכטעט עס צו טאהן.

ווען אין א בוים, אין א פלאנצע זאמעלט זיך אן פיעל זאפט, מוז ער טרייבען בלעטער און בלומען. עס קומט זעהר אָפט פאר, אז נאכ׳ן בלי־העז שטארבט דיא פפלאנצע, אז אפבליהען הייסט אפּשטארבען. עס מוז אבער בליהען!

דער מענש איז אויך אזוי. קוים זאמעלט זיך אן אין איהם פיעל קראפט, מוז ער עס ארויסגע־בען. ער רעכענט ניט, צעהלט ניט, איבערלייגט זיך ניט.—ער טהוט! ער ווייס, אז זיינע טהעטיג־

קייט קען איהם ברייגנען דעם טויט, ער מוז עס אבער טאהן.

אלזא, זייט מוטהיג! זייט שטארק! גיט ארויס אייער קראפט, אייער ענערגיע, אייער מענשענ־ליעבע!

אט ראס לערנט אונז די מאראל, גערייניגט פון אלע דומהייטען און אבערגלויבען.

מיר בעוואונדערן אין דעם עכט מאָראלישען מענשען זיינע איבערפלוס אן קראפט, זיין בעגיער־דע נאך טהעטיגקייט, וועלכע צווינגען און דריקען איהם ארויסצוגעבען זיין פערשטאנד, זיינע געפיהלע, זיינע טהאטען. ער מוז עטוואס טאהן.

דער שטארקער מענש, ביי וועלכען עס האט זיך אנגעהויפט א מאסע קראפט, דער מוז זיא פערברייטען, איבערגעבען אנדערע. דער אינטעלעק־טועל ארימער מענש, קען האלטען זיינע אידעען פאַר זיך אליין; דער אינטעלעקטועל רייכער אבער, מוז דעם איבערפלוס פון זיינע אידעען ארויסגעבען. ער צו ווארפט זיי אין אלע ווינקעלעך. ער ליידעט גאר, ווען ער קען זיינע אידעען ניט פערברייטען. ער פיהלט זיך אונגליקליך, ווען מען לאזט איהם ניט מיטהיילען אנדערע מענשען זיינע אידעען' זיינע פרינציפען, זיינע געפיהלע.

מיר אלע פיהלען דיא נאטהווענדיגקייט עפעס צו טאהן, עפעס צו ארבייטען. יעדער פון אונז ויל אויסאיבען, ארויסווייזען זיין קראפט. ווען עס מאכט זיך אזעלכע נארישע אדער שלעכטע פער־

העלטניסע, וואס האלטען אב דעם מענשען צו פאלגען זיין נאטירליכען בערוף, ארויסצוגעבען אויף נאטירליכען וועג זיינע לוסט צור טהעטיגקייט, מוז ער עס טאהן אויף אנאנדער אופן; ער מוז עפּעס אויסטראכטען, עפּעס אויסגעפינען — א טהעאָריע, א רעליגיאָן, א טשאריטי, — עפּעס מוז ער טאהן. אייניגע, בעזאנדערס פרויען, מאכען בעללער און מאנציען — צו גונסטען פון ארימאן. דאס רופען זיי טשאריטי; די אנדערע זיינען טאג און נאכט בעשעפטיגט מיט זייער טואלעט, זיי פארברענגען זייער צייט און פאַרשווענדען זייער געלר אויף זייערע קליידער, דאס קוממט דערפון, וואס מען לאזט זיי ניט ארויסווייזען זייער טהעטיג-קייט אויף אנאנדערן בעסערן וועג.

יעדער פון אונז פיהלט אין זיך די נאטהווענ-דיגקייט צו העלפען יענעם. ווען מיר זעהען א וואגען איז פערקראכען אין א בלאָטע, פיהלען מיר א בעדירפניס צו צוגעהן און אונטערצושטעלען די פלייצע אום צו העלפען איהם ארויסשלעפען. דער וואגען, אויף וועלכען די מענשהייט געפינט זיך, שרייבט ג י אָ, איז אזוי טיף פערקראכען אין דער בלאטע פון אבערגלויבען, שלעכטיגקייט און פער-דארבענהייט, אז יעדער פיהלט אין זיך די בע-דירפניס אונטערצושטעלן זיין פלייצע און העלפען איהם ארויסשלעפען. דיזעס געפיהל צו העלפען איינער דעם אנדערן, צו שטיצען איינער דעם אנדערן, איז ענטוויקעלט ניט נור ביי די מענשען

אליין, זאנדערן אויך ביי די טהיערע, וועלכע לעבען אין געזעלשאפטען; זיי מוזען אויך ארויס־ווייזען, ארויסגעבען זייער קראפט, גלייך וויא דער מענש.

---

וואס איז דען די פאליטיק, אויף וועלכע מען פערווענדעט אזוי פיעל קראפט און* פערשטאנד, ווען ניט די בערירפניס אונטערצושטעלען די פלייצעס און העלפען ארויסשלעפען דעם וואגען, אויף וועלכען די מענשהייט שלעפט זיך? אויף שלעכטע וועגען געפיהרט, פון קיין געפיהל ערווארמט, פון קיין אידעע בעלייכטעט, מאכט דיזער איבערפלוס פון קראפט א נאפאָלעאָן, א ביסמארק. זיי ווילען אויך, זיי מוזען אויך ארויסווייזען זייער קראפט. זיי האבען זייער אידעאל. ביסמארק האט א אידעאל צו בעהערשען די וועלט דורך אייזען און בלוט. גאמבעטא האט א אידעאל — זיך מאכען א זילבערנע וואנע.

עס איז אבער דא א העכערער אידעאל, אן ערדלערעס שטרעבען פון דעם אמת מאראלישען מענשען. ער קען ניט ליידען די פאלשקייט פון היינטיגער געזעלשאפט, ער קען ניט פארטראגען די שקלאפעריי, ער קען ניט צוזעהן די אונגלייכהייט צווישען די מענשען. זיין אידעאל איז די פאלשטענדיגע פרייהייט און גלייכהייט.

ע נ ד ע.

